קארל מארקס

# דער בירגער־קריג אין פראנקרייך

אידיש א. ראזענטאל

צענטראלער פארלאג פאר די פעלקער פון פ. ס. ס. ר.
מאָסקווע 1926

# אריינפיר.

די איינלאדונג אַרויסצוגעבן אַף דאס ניי דעם אויפרוף פונם גענעראַל-ראַט פון דער אינטערנאציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע וועגן דעם „בירגער-קריג אין פראנקרייך" און צוגעבן צו אים אַן אריינפיר איז געווען פאַר מיר אומגעריכט. דעריבער קאָן איך דאָ בלויז בעקיצער באַרירן די וועזנטלעכסטע פונקטן.

איך גיב פאר דעם אויבנדערמאָנטן גרויסן ווערק צוויי קורצע ווענדונגען פונם גענעראַל-ראַט וועגן דעם פראַנצויזיש-דייטשישן קריג. איך טו דאָס, ערשטנס, דערפאַר, וואס אינם „בירגער-קריג" פארופט מען זיך אַף דער צווייטער ווענדונג, וועלכע איז אָן דער ערשטער ניט אומעטום פאַרשטענדלעך. און דערנאָך דערפאַר, וואָס די דאָזיקע צוויי ווענדונגען, אויך אָנגעשריבענע דורך מאַרקסן, זיינען ניט ווייניקער, ווי דער „בירגער-קריג", מערקווירדיקע מוסטערן פונם וואונדערבארן טאלאנט, וואס האָט זיך אַרויסגעוויזן דאָס ערשטע מאָל אינם „אַכצנטן בריומער פון לואי-באנאַפּאַרט", ריכטיק צו באַנעמען דעם כאַראַקטער, די באַדייטונג און די נויטיקע רעזולטאטן פון גרויסע היסטאָרישע געשעענישן אין דער צייט, ווען די דאָזיקע געשעענישן שפילן זיך ערשט אָפּ פאַר אונזערע אויגן אָדער האָבן זיך נאָר וואָס פאַרענדיקט. און, לעסאָף, דערפאַר, וואס אונז אין דייטשלאנד קומט נאָך אויס אַדהאַיאָם צו ליידן אונטערן דרוק פון די פאָרויסגעזאָגטע דורך מאַרקסן רעזולטאטן פון די דאָזיקע געשעענישן.

צי האט זיך דען ניט באַרעכטיקט די מיינונג, וואס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין דער ערשטער ווענדונג, אז אויב די פאַרטיידיקונגס-מילכאָמע פון דייטשלאנד וועט דעגענערירן אין אַ דעראָבערונגס-מילכאָמע קעגן דעם פראנצויזישן פאָלק, וועט דייטשלאנד אויסקומען אַף דאס ניי איבערצולעבן—און נאָך אין אַ גרעסערער מאָס—דיזעלבע אומגליקן, וועלכע זי האט געהאט אויסצושטיין נאָך די אַזוי גערופענע באַפרייאונגס-מילכאָמעס? צי האבן מיר דען ניט געהאט נאָך גאַנצע צוואַנציק יאָר פון ביסמאַרק-הערשאפט, און אנשטאָט די רעדיפעס אף די דעמאגאָגן—דעם אויסנאם-געזעץ און די העצעריי קעגן סאָציאליסטן, מיטן זעלבן פּאָליצייאישן ווילקיר, מיט דערזעלבער פּאָשעט שוידערלעכער אינטערפרעטירונג (אויסטייטשונג) פונם געזעץ?

און צי האָט זיך דען בוכשטעבלעך ניט באַרעכטיקט די פאָרויסזאָגונג, אַז די אַנעקסיע (דאָס פאַרייניקן מיט געוואַלט) פון עלזאַס-לאָטאַרינגיע וועט „אַ וואָרף טאָן פראַנקרייך אין די אָרעמס פון רוסלאַנד“ און אַז נאָך דערדאָזיקער אַנעקסיע וועט דייטשלאַנד מוזן אָדער אָפן ווערן אַ קנעכט פון רוסלאַנד, אָדער, נאָך אַ קורצן אָפּרו, זיך אָנהויבן גרייטן צו אַ נייער מילכאָמע, און טאַקע „צו אַ ראַסן-מילכאָמע מיט די פאַרייניקטע סלאַווישע און ראָמאַנישע ראַסן“? צי האָט דען דאָס אַנעקסירן די פראַנצויזישע פּראָווינצן ניט אַ וואָרף געטאָן פראַנקרייך אין די אָרעמס פון רוסלאַנד? צי האָט דען ביסמאַרק גאַנצע צוואַנציק יאָר ניט געפּלייסט זיך אומזיסט צו געפינען לייטזעליקייט באַם צאַר, צי איז ער דען ניט געפאַלן צו די פיס פונם „הייליקן רוסלאַנד“ מיט נאָך מער האַכנאָע, איידער דאָס פלעגט געוויינלעך טאָן דאָס קליינע פרייסן פריער, איידער דאָס איז געוואָרן „די ערשטע אייראָפּעאישע גרויס-מאַכט“? און צי הענגט דען ניט שטענדיק איבער אונזערע קעפּ דער דאַמאָקל-שווערד פון אַ מילכאָמע, וואָס וועט גלייך אין ערשטן טאָג צו אַש מאַכן אַלע פאַרייניקטע פירשטן-בונדן, — פון אַ מילכאָמע, וואָס וועגן איר איז קיין זאַך באַשטימטעס ניט באַוואוסט, אַכוץ דער אַבסאָלוטער אומבאַוואוסטקייט פון איר אויסגאַנג, — פון אַ ראַסן-מילכאָמע, וואָס וועט אָפּגעבן אייראָפּע צו רויב פון פופצן אָדער צוואַנציק מיליאָן באַוואָפנטע סאָלדאַטן און וואָס האָט ביז איצט ניט אויסגעבראָכן בלויז דערפאַר, וואָס די אַבסאָלוטע אוממעגלעכקייט פאָרויסצוזען אירע רעזולטאַטן רופט אַרויס אומאַנטשלאָסנקייט אַפילו באַ דער שטאַרקסטער פון די גרויסע מיליטערישע מלוכעס?

און אַלץ מער דאַרף מען דעריבער מאַכן צוגענגלעך פאַר די דייטשישע אַרבעטער די דאָזיקע האַלב-פאַרגעסענע דאָקומענטן, וואָס זאָגן גלענצנדיק איידעס וועגן דער ווייטזיכטיקייט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-פּאָליטיק פון 1870-טן יאָר.

דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט וועגן די ביידע ווענדונגען, איז גילטיק אויך פאַרן „בירגער-קריג אין פראַנקרייך“. דעם 28-טן מאַי זיינען אַף די שיפּואים פון בעלוויל געפאַלן די לעצטע פאַרטיידיקער פון דער קאָמונע, און שוין אין צוויי טעג אַרום, דעם 30-טן מאַי, האָט מאַרקס געלייענט דעם גענעראַל-ראַט זיין ווערק, אין וועלכן ער האָט דורך קורצע, קרעפטיקע, אָבער אַזעלכע שאַרפע און ריכטיקע שטריכן געשילדערט די היסטאָרישע באַדייטונג פון דער פּאַריזער קאָמונע, דאָס צו אַזאַ שילדערונג האָט ניט דערגרייכט די גאַנצע שפּעטערדיקע רייכע ליטעראַטור איבער דער דאָזיקער פראַגע.

אַדאַנק דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון פראַנקרייך פון 1789-טן יאָר, האָט יעדע רעוואָלוציע, וועלכע פלעגט פאַר די לעצטע 50 יאָר אויסברעכן אין פּאַריז, געמוזט אומבאַדינגט אָננעמען דעם כאַראַקטער פון אַן אויפשטאַנד פונם פּראָלעטאַריאַט; דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס פלעגט מיט זיין בלוט באַצאָלן פאַרן זיג, טרעט אומפאַרמיידלעך אַרויס מיט זיינע אייגענע פאָדערונגען נאָכן זיג. די דאָזיקע פאָדערונגען פלעגן זיין מער אָדער ווייניקער ניט קלאָר און מעטושטעשדיק, אָפּהענגיק פון דער אַנטוויקלונגס-שטופע פון די פּאָ-

ריזער אַרבעטער, אָבער אין דער לעצטער שורע פלעגן זיי אלע רעזיומירט ווערן אין דער פאַרניכטונג פונם קלאַסן־קעגנזאַץ צווישן די אַרבעטער און די קאַפּיטאַליסטן. ווי אזוי דאָס דאַרף פּאַרקומען, דאָס האבן זיי ניט געוואוסט. אָבער אין דער פּאָרערונג גופא, ניט קוקנדיק אַף איר אומבאשטימטקייט, איז שוין געווען אַ געפאר פאר דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג; די אַרבעטער, וואס פלעגן אַרויסשטעלן דידאָזיקע פּאָדערונג, זיינען נאָך געווען באוואָפנט, און דאס אַנטוואָפענען זיי איז געווען די הויפּט-אויפגאַבע פון דער רעגירנדיקער בורזשואזיע. דעריבער פלעגט נאָך יעדער דורך די ארבעטער אויסגעקעמפטער רעוואָלוציע גלייך קומען אַ נייער קאַמף, וואס פלעגט זיך ענדיקן מיט דער מאַפּאָלע פון די אַרבעטער.

דאָס ערשטע מאָל איז דאָס פּאָרגעקומען אין 1848טן יאָר. די ליבעראַלע בורזשואַ פון דער פּאַרלאַמענט-אָפּאָזיציע פלעגן איינאָרדענען רעפּאָרם-באַנ־קעטן צו אַגיטירן פאַר דער וואַל־רעפּאָרם, וועלכע זאָל איבערגעבן די הער־שאַפט אין די הענט פון זייער פּאַרטיי. אינם קאַמף מיט דער רעגירונג זיינען זיי געווען געצוואונגען אַלץ אָפטער צו אַפּעלירן צום פאָלק און ביסלעכוויז אַרויסרוקן אַפן פאָדערגרונט די ראַדיקאַלע און רעפּובליקאַנישע שיכטן פון דער בורזשואזיע און פונם קליינבירגערטום. אָבער הינטער זיי זיינען געשטאַנען די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, וואס זיינען זינט דעם 1830-טן יאָר געוואָרן פיל מער פּאָליטיש זעלבשטענדיק, איידער דאָס האָבן גערעכנט וועגן זיי די בור־זשואַ, אַפילו די רעפּובליקאַנער. ווען עס איז פּאָרגעקומען דער צוואַמענשטויס צווישן דער רעגירונג און דער אָפּאָזיציע, האָבן די ארבעטער אָנגעהויבן אַ גאסן־קאַמף; לואי־פיליפּ איז פאַרשוואונדן געוואָרן, און צוזאַמען מיט אים איז פאַרשוואונדן געוואָרן אויך די וואל-רעפּובליק. אַף איר אָרט איז אויפגע־קומען אַ רעפּובליק, וועלכע איז דערקלערט געוואָרן דורך די זיגרייכע אַרבעטער אַפילו פאר אַ „סאָציאַלער". וואָס דאַרף מען פאַרשטיין אונטער אַ סאָציאַלער רעפּובליק, דאָס איז פאַר קיינעם ניט קלאָר געווען; ניט קלאָר איז דאס געווען אויך פאַר די אַרבעטער גופא. זיי זיינען אָבער איצט געווען באַוואָפנט און זיינען געוואָרן אַ קראַפט פון דער מלוכע. דעריבער איז דער ערשטער ציל פון דער רעגירונג פון בורזשואַ-רעפּובליקאנער, ווי נאָר זי האָט אָנגעהויבן פילן אונטער די פיס אַ פעסטן באָדן, געווען אַנטוואָפענען די אַרבעטער. דאס איז געשען באַ דעם יוני-אויפשטאַנד, צו וועלכן מע האָט די ארבעטער גע־צוואונגען דורך דעם ניט האלטן דעם געגעבענעם וואָרט, דורכן אָפענעם כויזעק מאַכן און דורכן פּרואוו אַרויסצושיקן אַלע אַרבעטסלאָזע אין די ווייטע פּראָ־ווינצן. מע האָט איינגעאָרדנט אַ בלוט-באָד איבער די שוצלאָזע געפאַנגענע, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט זינט די בירגער־קריגן, וואס זיינען געווען פאַרן אונטערגאַנג פון דער רוימישער אימפּעריע. די בורזשואזיע האט דעמאָלט דאס ערשטע מאָל באַוויזן, ווי אַכזאָריש זי איז זיך נוקעם אָן דעם פּראָלע־טאַריאַט, ווען ער וואַגט אַרויסטרעטן קעגן איר, ווי אַ באזונדער קלאַס, מיט איגענע אינטערעסן און פּאָדערונגען. נאָר דאָך איז דאס 1848-טע יאָר געווען אַ קינדערשפּיל לעגאַבע אירע ווילדקייטן פונם 1871-טן יאָר.

דער בורזשואַזיע איז ניט אויסגעקומען צו וואַרטן לאַנג אַף דער פאַרדינטער שטראָף. אויב דער פּראָלעטאַריאַט האָט נאָך ניט געקאָנט רעגירן אין פראַנקרייך, האָט די בורזשואַזיע שוין ניט געקאָנט דאָס. זי האט דאָס לעכאָלאַפּאָכעס דעמאָלט ניט געקאָנט, ווען זי איז אין דער מערהייט געווען מאָנאַרכיסטיש געשטימט און איז געווען געשפּאָלטן אַף דריי דינאַסטישע פּאַרטייען און אַ פערטער אַ רעפּובליקאַנישער. אירע אינערלעכע רייסערייען האָבן דערלויבט דעם אַוואַנטיוריסט לואי באָנאַפּאַרטן צו פאַרכאַפּן אַלע וויכטיקע געצייג פון דער מלוכע-מאַכט: די אַרמיי, פּאָליציי, אַדמיניסטראַציע און אויפרייסן דעם 2-טן דעקאַבער פון 1851-טן יאָר די לעצטע פעסטונג פון דער בורזשואַזיע — די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג. עס איז געקומען די צווייטע אימפּעריע, ווען פראַנקרייך איז עקספּלואַטירט געווען דורך אַ באַנדע פּאָליטישע און פינאַנציעלע אַוואַנטיוריסטן, אָבער אין דערזעלבער צייט איז די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אַוועק מיט אַזאַ טעמפּ, וועלכער איז געווען אומעגלעך באַ דער קליינלעך-פּאַכדאָנישער סיסטעם פון לואי פיליפּן, באַ דער אויסשליסלעכער הערשאַפט בלויז פון איין קליינעם טייל פון דער גרויס-בורזשואַזיע. מיטן אויסרייד צו באַשיצן די בורזשואַזיע קעגן די אַרבעטער און די אַרבעטער קעגן דער בורזשואַזיע, האָט לואי באָנאַפּאַרט אָפּגענומען באַ די קאַפּיטאַליסטן די פּאָליטישע מאַכט: דערפאַר אָבער איז זיין הערשאַפט געווען גינסטיק פאַר ספּעקוליאַציע און אינדוסטריעלער טעטיקייט, ביכלאל פאַר אַנטוויקלונג און באַרייכערונג פון דער בורזשואַזיע אינגאַנצן גענומען אין אַן אומגעהערטער ביז דאַן מאָס. נאָך אין אַ גרעסערער מאָס האָט זיך אַנטוויקלט די פאַרקויפלעכקייט און די מאַסן-גנייוועס, וואס זייער צענטער איז געווען דער קייזערלעכער הויף, וואָס פלעגט, אַף אַזאַ אויפן, באַקומען אַ היפּשן פּראָצענט פון דערדאָזיקער באַרייכערונג.

די צווייטע אימפּעריע איז אָבער געווען אַ צורוף צום פראַנצויזישן שאָוויניזם, זי האט באַדייט די שטרעבונג צו די גרעניצן פון דער ערשטער אימפּעריע, וואס זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען אין 1814-טן יאָר, לעכאָלאַפּאָכעס, צו די גרעניצן פון דער ערשטער רעפּובליק. אין די ראַמען פון דער אַלטער מאָנאַרכיע, ריכטיקער, אין די נאָך מער שמעלערע גרעניצן פון 1815-טן יאָר, האָט די פראַנצויזישע אימפּעריע לאַנג ניט געקאָנט עקזיסטירן. פון דאַנען דרינגט אַרויס די נויטיקייט פון מילכאָמעס און די פאַרברייטערונג פון די גרעניצן. אָבער קיין שום פאַרברייטערונג פון די גרעניצן האָט אזוי ניט געצויגן צו זיך די פאַנטאַזיע פון די פראַנצויזישע שאָוויניסטן, ווי די פאַרברייטערונג אַפן דייטשישן לינקן ריין-ברעג. איין קוואַדראַט-מייל אַפן ריין האט אין זייערע אויגן געהאט אַ גרעסערן ווערט, איידער צען מייל פון די אַלפּן אָדער וואו ס'ניט איז אין אַן אַנדער אָרט. באַ דער צווייטער אימפּעריע איז די פאָדערונג וועגן אומקערן דעם לינקן ריין-ברעג, מיטאַמאָל אָדער טיילווייז, געווען בלויז אַ פראַגע פון צייט. דידאָזיקע צייט איז געקומען נאָך דעם פּרייסיש-עסטרייכישן קריג פון 1870-טן יאָר. אָפּגענאַרט דורך ביסמאַרקן און דורך זיין אייגענער איבערגעשפּיצטער אומאָנטשלאָסענער פּאָליטיק און זיינע דערוואַרטונגען אַף אַ

„טעריטאָריאַלער באַלוינונג", האט באָנאַפּאַרט קיין אנדער ברייטע ניט געהאַט, ווי אַ מילכאָמע, וועלכע איז אויסגעבראָכן אין 1870-טן יאָר און האט געבראַכט צו סעדאַן און צו דער געפאנגענשאפט אין ווילהעלמסהעע.

דער נויטיקער פויעל-יויצע איז געווען די פּאַריזער רעוואָלוציע פון 4-טן סענטיאבר פון 1870-טן יאָר. די אימפּעריע איז פאנאנדערגעפאלן, ווי אַ קאָרטן-הויז. עס איז ווידער פּראָקלאמירט געוואָרן אַ רעפּובליק. אָבער פאר די טויערן איז געשטאנען דער סוינע, די אַרמייען פון דער אימפּעריע איז אָדער זיי זיינען געווען באַלאגערט אין מעץ אָן אַ האָפענונג צו באַפרייען זיך, אָדער זיי האָבן זיך געפונען אין געפאנגענשאַפט אין דייטשלאנד. אין אַזאַ נויט האָט דאס פאָלק דערלויבט די פּאַריזער דעפּוטאטן פונם געוועזענעם געזעצגעבונגס-קאָרפּוס צו בילדן די „רעגירונג פון נאציאָנאַלער פארטיידיקונג". אַף דעם איז מען באַזונדערס גיך איינגעגאנגען, ווייל איצט, צוליב פארטיידיקונגס-צילן, זיינען אַלע פּאַריזער איינוואוינער, וואס זיינען פעאיק צו טראָגן געווער, אריינגעטראָטן אין דער נאציאָנאלער גוואַרדיע און זיינען געווען באוואָפנט, אַזוי אַז די אַרבעטער האָבן אין איר געהאַט אַ באַדייטנדיקע מערהייט. אָבער גאָר גיך האָט זיך אַרויסגעוויזן דער אַנטאַגאָניזם (קעגנזאַץ) צווישן דער רעגירונג, וואָס איז באַשטאנען אויסשליסלעך פון בורזשואַ, און דעם באוואפנטן פּראָלעטאַריאַט. דעם 31-טן אָקטיאַבר האָבן די אַרבעטער-באַטאליאנען פאַרכאַפּט דאָס ראט-הויז און האָבן ארעסטירט עטלעכע מיטגלידער פון דער רעגירונג; פאַראַט, אָפענעס ניט האלטן דאָס וואָרט מיצאַד דער רעגירונג און די ארייַנמישונג פון עטלעכע קליינבירגערלעכע באַטאליאָנען האבן באפרייט די ארעסטירטע, און, קעדיי אויסצומיידן א בירגער-קריג אין א שטאָט, וואס איז געווען באלאגערט דורך א פרעמדער ארמיי, האט מען איבערגעלאָזן באַ דער מאַכט די פריערדיקע רעגירונג.

לעסאָף, דעם 28-טן יאַנוואר פון 1871-טן יאָר האט דער אויסגעהונגערטער פּאַריז קאַפּיטולירט. אָבער קאפּיטולירט האָט ער אַף אומגעהערטע ביז איצט אין דער מיליטערישער געשיכטע ערן-באַדינגונגען, די פאָרטן האט מען אָפּגעגעבן, די וואַך ארום דער שטאָט איז אנטוואָפנט געוואָרן, באַ די ליניע-פאָלקן און בא דער מאָביל-גווארדיע האט מען אָפּגענומען דאָס געווער, און זיי אליין זיינען דערקלערט געוואָרן פאַר קריגס-געפאנגענע. אָבער די נאציאָנאַלע גווארדיע איז געבליבן באַ איר געווער און האַרמאַטן, און זי האט בלויז געשאפן א וואפנשטילשטאנד מיט די זיגער. די לעצטע האבן ניט געוואַגט אריינצוגיין אין פּאריז מיט טריאומף. זיי האבן בלויז פארנומען אַ קליין ווינקעלע פון פּאַריז, וואָס איז באשטאנען פון עפּנטלעכע סעדער, און דאס אויך סאַכאַקל אַף אַ פּאָר טעג! און אין מעשעך פון אָט דער צייט זיינען זיי, וואס האבן געהאלטן אַרומגערינגלט פּאריז אין מעשעך פון 131 טעג, ארומגערינגלט געווען דורך די באוואָפנטע פּאַריזער ארבעטער, וועלכע האָבן וואַכזאַם נאָכגעקוקט, אז קיין איין „פּרייס" זאָל ניט איבערטרעטן די שמאָלע גרעניצן פונם ווינקעלע, וואס איז אָפּגעגעבן געוואָרן די פרעמדע באצווינגער. אַזאַ אַכטונג האבן אַרויסגערופן צו זיך די פּאריזער ארבעטער באַם מיליטער, פאר וועלכן

עס האָבן אַוועקגעלייגט דאָס געווער אַלע אַרמייען פון דער אימפּעריע; און די פּרייסישע יונקערס, וואָס זיינען געקומען אָפּרעכענען זיך מיטן נעסט פון דער רעוואָלוציע, האָבן געמוזט מיט איראַסהאַקאָוועד אָפּשטעלן זיך און סאַליוטירן פאַר אָט דער באַוואָפנטער רעוואָלוציע!

בעשאַס דער מילכאָמע האָבן זיך די פּאַריזער אַרבעטער באַגרעניצט בלויז מיט דער פאָדערונג: עס זאָל ענערגיש פאָרגעזעצט ווערן דער קאַמף. איצט, נאָכדעם ווי פּאַריז האָט קאַפּיטולירט און עס איז געשלאָסן געוואָרן שאָלעם, האָט טיער, דער נייער שעף פון דער רעגירונג, איינגעזעען, אַז די הערשאַפט פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן — די גרויסע ערד־באַזיצער און קאַפּיטאַליסטן — וועט שטענדיק זיך געפינען אין אַ געפאַר, קאָלזמאַן די פּאַריזער אַרבעטער וועלן האָבן געווער אין די הענט. און זיין ערשטער אויפטו איז געווען דער פּרואוו צו אַנטוואָפענען זיי. דעם 18-טן מאַרט האָט ער געשיקט מיליטער־טיילן צו פאַרכאַפּן די אַרטילעריע, וואָס האָט געהערט דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע און וואָס איז אויסגעריכטעט געוואָרן בעשאַס דער באַלאַגערונג אַף געזעלשאַפטלעכן כעשבן דורך אַ געלט־זאַמלונג. דער פּרואוו איז דורכגעפאַלן. גאַנץ פּאַריז האָט זיך ווי איין מענטש געשטעלט אַנטקעגן, און עס איז דערקלערט געוואָרן מילכאָמע צווישן פּאַריז און דער פראַנצויזישער רעגירונג, וואָס איז געזעסן אין ווערסאַל. דעם 26-טן מאַרט איז אויסגעקליבן געוואָרן און דעם 28-טן פּראָקלאַמירט געוואָרן די פּאַריזער קאָמונע. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וואָס אין זיינע הענט האָט זיך ביז דעמאָלט געפונען די מאַכט, האָט איר איבערגעגעבן זיינע פולמאַכטן, נאָכדעם ווי ער האָט שוין באַוויזן אָפּצושאַפן דורך אַ דעקרעט די סקאַנדאַליעזע פּאַריזער „זיטן־פּאָליציי". דעם 30-טן מאַרט האָט די קאָמונע אָפּגעשאַפט די קאָנסקריפּציע און די שטענדיקע אַרמיי און האָט דערקלערט די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, אין וועלכער עס האָבן געזאָלט אַריינגיין אַלע בירגער, וואָס זיינען פעאיק צו טראָגן געווער, אַלס די איינציקע באַוואָפנטע קראַפט; זי האָט אָפּגעשאַפט דאָס דירע־געלט פון אָקטיאַבר 1870 ביז אַפּרעל 1871, און דאָס געלט, וואָס איז שוין איינגעצאָלט געוואָרן, האָט זי פאַררעכנט אין כעשבן פון די קומענדיקע ראַטעס; זי האָט אויך אָפּגעשטעלט דאָס פאַרקויפן די מאַשקאָנעס, וואָס זיינען געווען פאַרזעצט אין שטאָטישן לאָמבאַרד. דעמזעלבן טאָג זיינען באַשטעטיקט געוואָרן אין זייער אַמט די אויסגעקליבענע אין דער קאָמונע אויסלענדער, ווייל „די פאָן פון דער קאָמונע איז אַ פאָן פון אַן אַלוועלטלעכער רעפּובליק". דעם 1-טן אַפּרעל איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער געהאַלט פון אַלע אָנגעשטעלטע פון דער קאָמונע, הייסט עס, אויך פון אירע מיטגלידער, טאָר ניט זיין מער פון 6 טויזנט פראַנק (ווייניקער פון 2400 רובל). אַף מאָרגן איז דעקרעטירט געוואָרן, אַז די קירך ווערט אָפּגעטיילט פון דער מלוכע, אַז עס ווערן אָפּגעשאַפט אַלע מלוכישע הויצאָעס אַף רעליגיעזע צילן און אַז דאָס גאַנצע קירכלעכע פאַרמעגן ווערט פאַרוואַנדלט אין נאַציאָנאַלן אייגנטום. און דעם 8-טן אַפּרעל איז באַשלאָסן געוואָרן און ביסלעכווייז דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן דאָס פאַרטרייבן פון די שולן אַלע רעליגיעזע סימבאָלן,

הייליקע בילדער, דאגמעס, טפילעס, מיט איין וואָרט, „אַלץ דאס, וואס האָט אַ שאַיכעס צום געוויסן פון יעדן איינצלנעם מענטשן". דעם 5-טן אפרעל איז צוליב דעם, וואָס דאָס ווערסאַלער מיליטער פלעגט טעגלעך צ‎ושיסן די געפאַנגענע קעמפער פון דער קאָמונע, ארויסגעגעבן געוואָרן אַ דעקרעט וועגן אַרעסטירן אָרוועס-לייט, אָבער ער איז קיינמאל ניט אויסגעפירט געוואָרן. דעם 6-כן אפרעל האָט דער 137-טער באַטאַליאָן פון דער נאַציאָנאַלער גווארדיע ארויסגעשלעפּט און עפנטלעך פארברענט די גיליאָטינע, באַם אַלגעמיינעם טריאומפירן פונם פאָלק. דעם 12-טן האָט די קאמונע באשלאָסן צו צעשטערן די וואַנדאמער קאָלאָנע, וועלכע נאַפּאָלעאָן האָט אויסגעגאָסן נאָך דער מילכאָמע אין 1809-טן יאָר פון פיינטלעכע האַרמאַטן, אלס דעם סימבאל פון שאָוויניזם און פעלקער-העצעריי. דאס איז אויסגעפירט געוואָרן דעם 16-טן מאַי. דעם 16-טן אפרעל האָט די קאָמונע פאראָרדנט צו מאכן אַ ציילונג פון די אָפּגעשטעלטע דורך די פאבריקאנטן פאַבריקן און אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן פון עקספּלואַטירן די דאָזיקע פאבריקן דורך קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן פון ארבעטער, וואָס האָבן פריער געאַרבעט אף די דאָזיקע פאבריקן, ווי אויך אַ פּלאַן צו אָרגאַניזירן פון די דאָזיקע געזעלשאַפטן איין גרויסן פאַרבאַנד. דעם 20-טן האָט זי אָפּגעשאַפט די נאַכט-אַרבעט פאַר בעקער און האָט פאַרניכטעט די קאַנטאָרן אף צו געפינען אַרבעט, וואָס זיינען זינט דער צווייטער אימפעריע געוואָרן אַ מאָנאָפּאָל פון סוביעקטן — ערשט-ראַנגיקע עקספּלואַטאָרן פונם ארבעטער, — וואָס פלעגן באַשטימט ווערן דורך דער פּאָליציי. די דאָזיקע ארבעט איז איבערגעגעבן געוואָרן די מעריעס פון די 20 פּאַריזער קרייזן. דעם 30-טן אַפּרעל האָט זי פארניכטעט די ליי-קאַסעס (לאָמבארדן), וואָס זיינען געווען אַ מיטל צו עקספּלואַטירן דעם ארבעטער און וואָס זיינען געשטאַנען אין אַ סטירע מיטן רעכט פון די ארבעטער אף זייערע ארבעטס-געצייג און אף קרעדיט. דעם 5-טן מאַי האָט זי באַשלאָסן צו צעשטערן דאָס קלויסטערל, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן, קעדיי אויסצולייזן די זינד פארן קעפּן ליודאָוויק דעם 16-טן.

אזוי האָט זיך פון 18-טן מאַרט שאַרף און בוילעט אַרויסגעוויזן דער קלאַסן-כאַראַקטער פון דער פּאַריזער באַוועגונג, וועלכע איז ביז דעמאָלט געווען אָפּגעשטופּט אפן הינטערגרונט צוליבן קאַמף מיטן אויסלענדישן אָנפאַל. די קאמונע איז באשטאַנען קימאַט אויסשליסלעך פון ארבעטער אָדער פון אנערקענטע אָנהענגער פונם אַרבעטער-קלאַס, און אירע באַשלוסן האָבן דעריבער געטראָגן אַן אַנטשיידענעם פּראָלעטארישן כאראקטער. די קאָמונע האָט דעקרעטירט טיילווייז אזעלכע רעפאָרמען, וועלכע די רעפּובליקאַנישע בורזשואזיע האָט ניט דורכגעפירט צוליב פּאַכדאָנעס, וועלכע זיינען אָבער געווען אַ גרונט-באַדינגונג פאַר דער פרייער טעטיקייט פונם ארבעטער-קלאַס, ווי, לעמאָשל, דאָס דורכפירן דעם פּרינציפּ, אַז בענוגייע צו דער מלוכע איז די רעליגיע בלויז אַ פּריוואַט-זאַך; אָדער זי פלעגט אָננעמען באַשלוסן דירעקט אין די אינטערעסן פונם אַרבעטער-קלאַס, וועלכע פלעגן טיילווייז טיף אונטערגראָבן די אלטע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג. אָבער אין אַ באַלאַגערטער שטאָט האָט דאָס אַלץ אין בעסטן פאַל געקאָנט באַקומען נאָר אַן אָנהויב פון

פאַרווירקלעכונג, און אָנהויב מאַי האָט מען שוין געמוזט אָפּגעבן די גאַנצע קויכעס צום קאַמף מיטן מיליטער פון דער ווערטאַלער רעגירונג, וואָס פלעגט ווערן אַלץ גרעסער אין צאָל.

דעם 7-טן אַפּרעל האָבן די ווערסאַלער פאַרכאַפּט דעם אַריבערגאַנג דורך דער סענע בײַ נעליאַי, אַפן מאַירעוו-פראָנט פון פּאַריז; אָבער דעם 11-טן אַפּרעל האָבן זיי געכאַפּט אַ בלוטיקע מאַפּאָלע פונם גענעראַל דוע, בעת זיי זײַנען אָנגעפאַלן אַפן דאָרעם-פראָנט. פּאַריז איז אָן אַן אויפהער באָמבאַרדירט געוואָרן און גראָד דורך דיזעלבע לייט, וואָס האָבן געשטעמפּלט די באָמבאַרדירונג פון דערזעלבער שטאָט דורך די פּרייסן, אַלס אַ כילול־האַשעם. און דיזעלבע לייט האָבן איצט ראַכמים געבעטן בײַ דער פּרייסישער רעגירונג, זי זאָל וואָס גיכער אומקערן די געפאַנגענע בײַ סעדאַן און מעץ פראַנצויזישע סאָלדאַטן, וועלכע זאָלן אײַנעמען פאַר זיי פּאַריז. דאָס ביסלעכווײַזע אָנקומען פון דידאָזיקע מיליטער-טיילן האָט געגעבן די ווערסאַלער פון אָנהויב מאַי אַן אַנטשיידנדיקע איבערהאַנט. דאָס איז שוין קלאָר געווען דעם 23-טן אַפּרעל, ווען טיער האָט איבערגעריסן די אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם פאָרגעלייגטן דורך דער קאָמונע אויסטויש פון פּאַריזער אַרכיבישאָף און אַ גאַנצע רײ אַנדערע גאַלאָכים, וואָס זײַנען פאַרהאַלטן געוואָרן אין פּאַריז, אַלס אַרוועס-לייט, אַף איין בלאַנקי, וועלכער איז שוין צוויי מאָל אויסגעקליבן געוואָרן אין דער קאָמונע, נאָר איז געזעסן אַרעסטירט אין קלערוואָ. נאָך קלאָרער איז דאָס געוואָרן פון דעם, וואָס עס האָט זיך געענדערט דער טאָן פון טיערס רעדעס. ביז איצט האָט ער גערעדט אײַנגעהאַלטן און צווייזײַטיק, איצט האָט ער מיטאַמאָל אָנגעהויבן ריידן כוצפּעדיק, דראָענדיק, גראָב. צום 3-טן מאַי האָבן די ווערסאַלער פאַרנומען אַפן דאָרעם-פראָנט דעם רעדוט מולען-סאַקע, דעם 9-טן — דעם פאַרוואַנדלטן אין כורוועס דורך דער באָמבאַרדירונג פאָרט איסי, דעם 14-טן — דעם פאָרט וואַן. אַפן מאַירעוו-פראָנט האָבן זיי זיך ביסלעכווײַז צוגערוקט ביז דער הויפּט-ליניע פון די פאַרפעסטיקונגען, פאַרנעמענדיק די גרויסע צאָל געביידעס אין דערפער, וואָס ציען זיך ביז דער שטאָט-וואַנט. דעם 21-טן האָט זיך זיי אײַנגעגעבן אַרײַנצודרינגען אין שטאָט, אַדאַנק אַ פאַראַט און צוליב דער נאַכלעסיקייט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וועלכע איז דאָ געשטאַנען. די פּרייסן, וועלכע האָבן פאַרנומען די צאָפנדיקע און מיזרעכדיקע פראָנטן, האָבן דערלויבט די ווערסאַלער אַרײַנצודרינגען צו צאָפן צו פון שטאָט אין אַ געגנט, וואָס איז בײַ זיי, די פּרייסן, געווען אומצוטריטלעך לויט די באַדינגונגען פונם וואָפנשטילשטאַנד, און, אַף אַזאַ אופן, האָבן זיי געגעבן די ווערסאַלער די מעגלעכקייט צו אַטאַקירן די שטאָט אַף אַ לאַנגן פראָנט, וואָס די פּאַריזער האָבן אים געהאַלטן פאַר באַשיצט דורכן וואָפנשטילשטאַנד און וואָס פלעגט דעריבער שוואַך פאַרטיידיקט ווערן. דער מאַירעוו-טייל פון שטאָט, די לוקסוס-שטאָט אייגנטלעך, האָט אַרויסגעוויזן אַ שוואַכן ווידערשטאַנד; דערדאָזיקער ווידערשטאַנד פלעגט ווערן אַלץ אײַנגעשפּאַרטער און שטאַרקער, וואָס מער די אַרײַנגעדרונגענע מיליטער-טיילן פלעגן זיך דערנענטערן צום מיזרעך-טייל, צו דער אייגנטלעכער אַרבעטער-שטאָט. ערשט נאָך אַן אַכט-טאָגיקן קאַמף זײַנען געפאַלן די לעצטע פאַרטיידיקער

פון דער קאָמונע אַף די הויכן פון בעלוויל און מענילמאנטאַן, און דאַן דערגרייכט די דערמארדונג פון אומבאַוואָפנטע מאנסבילן, פרויען און קינדער, וועלכע האָט געווילדעוועט אין אַ מעשעך פון אַ גאַנצער וואָך אין אַן אַלץ שטייגנדיקער מאָס, צו איר העכסטן פונקט. די פאַרפולקומטע ביקס פלעגט דערהארגענען ניט גענוג גיך, און די באַזיגטע פלעגן אין הונדערטער צעשאָסן ווערן פון מיטראַליעזן (הארמאַטן). די „וואַנט פון די פעדעראַטן" (קאָמונאַרן) אַפן בייסוילאָם פער לאשעז, וואו עס איז פאָרגעקומען די לעצטע מאָסן-דערמאָרדונג, שטייט נאָך אַדהאיאָם, אַלס אַ שטומער, אָבער פילבאַדייטנדיקער איידעס פון דעם, אַף וואָס פאַר אַן אכזאָריעס עס איז פעאיק דער הערשנדיקער קלאַס, ווען דער פראָלעטאַריאַט וואגט אַרויסצוטרעטן פאַר זיינע רעכט. דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן-אַרעסטן, ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן די אומעגלעכקייט אויסצוהאַרגענען אַלעמען; די צעשיסונג פון ווילקירלעך אויסגעקליבענע קאָרבאָנעס פון די רייען פון די געפאַנגענע, דאָס אוועקפירן די איבערגעבליבענע אין אַ גרויסן לאַגער, וואו זיי האָבן געמוזט וואַרטן, ביז זיי וועלן געשטעלט ווערן פאַרן מיליטערישן געריכט. די פרייסישע מיליטער-טיילן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט פאַריז פון צאָפן-מיזרעך, האָבן געהאט אַ באַפעל ניט דורכלאָזן קיין איין אַנטלאָפענעם, נאָר דאָך פלעגן זיך די אָפיצערן אָפט מאַכן ניט זעענדיק, ווען די סאָלדאַטן פלעגן מער פאָלגן דעם געפיל פון מענטשלעכקייט, איידער דעם באַפעל פון זייער אויבער-קאָמאַנדע; באַזונדערס באַרימט מיט זיין מענטשן-ליבע איז געווען דער זאַקסישער אַרמיי-קאָרפוס, וואָס האָט דורכגעלאָזן פילע, וואָס זיינען קלאָר געווען קעמפער פון קאָמונע.

אויב מיר ווען זיך איצט, אין צוואַנציק יאָר אַרום, אַרומקוקן אַף דער טעטיקייט און היסטאָרישער באַדייטונג פון דער פאַריזער קאָמונע פון 1871-טן יאָר, וועלן מיר געפינען, אַז צו דער שילדערונג, וואָס איז געגעבן געוואָרן אינם „בירגער-קריג אין פראַנקרייך", דאַרף מען צוגעבן אייניקע דערגאנצונגען.

די מיטגלידער פון דער קאָמונע זיינען געווען צעטיילט אַף אַ מערהייט, וואָס איז באַשטאַנען פון בלאַנקיסטן, וועלכע האָבן געהערשט אויך אין צענטראַלקאָמיטעט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, און אַף אַ מינדערהייט, וועלכע איז באַשטאַנען פון מיטגלידער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציציע, דאָס רעוו אָנהענגער פון פרודאָנס סאָציאַליסטישער לערע. די בלאַנקיסטן זיינען דעמאָלט געווען סאָציאַליסטן, דעריקער צוליבן רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאַרישן אינסטינקט; נאָר אַ קליינער טייל פון זיי האָט זיך דערהויבן ביז אַ גרעסערער פרינציפיעלער קלאָרקייט, אַדאַנק וואליאנען, וועלכער איז געווען באַהאוונט אינם דייטשישן וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. דעריבער איז פאַרשטענדלעך, אַז די קאָמונע האָט אינם געביט פון עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן פאַרזעען פיל אַזוינס, וואָס זי האָט, לויט אונזערע איצטיקע באַגריפן, געמוזט אויפטאָן. שווערער פון אַלץ איז צו פאַרשטיין דעם דערעכערעץ, מיט וועלכן זי איז געבליבן שטיין פאַר די טויערן פונם באַנק פון פראַנקרייך. דאָס איז אויך געווען אַ גרויסער פאָליטישער פעלער. דער באַנק אין די הענט פון דער קאָמונע — דאָס וואָלט געהאט אַ פיל גרעסערע באַדייטונג, איידער צען טויזנט

ארוועס-לייט. דאָס וואָלט באַדייט דעם דרוק פון דער גאַנצער פראַנצויזישער בורזשואַזיע אַף דער ווערסאַלער רעגירונג, זי זאָל שליסן שאָלעם מיט דער קאָמונע. נאָך מער וואונדערבאַר איז אָבער דאָס, וואָס די קאָמונע, וועלכע איז באַשטאַנען פון בלאַנקיסטן און פּרודאָניסטן, האָט, ניט קוקנדיק אַף דעם, אָפּט געהאַנדלט גאַנץ ריכטיק. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז פאַר די עקאָנאָמישע דע-קרעטן פון דער קאָמונע, סאַי פאַר זייערע מאַילעס און סאַי פאַר זייערע כעס-רוינעס, זיינען קוידעמקאָל פאַראַנטוואָרטלעך די פּרודאָניסטן, פּונקט ווי פאַר אירע פּאָליטישע האַנדלונגען און פעלערן זיינען פאַראַנטוואָרטלעך די בלאַנ-קיסטן. ווי עס טרעפט זיך געוויינלעך, ווען די מאַכט פאַלט אַריין אין די הענט פון דאָקטרינערן, איז, לויט דער איראָניע פון דער געשיכטע, האָבן סאַי די, סאַי יענע געטאָן פּונקט דעם היפּעך פון דעם, וואָס זיי האָבן געדאַרפט טאָן לויט זייער שול-דאָקטרינע.

פּרודאָן, אָט דער סאָציאַליסט פון קליין-פויערטום און האַנטווערקער, האָט מאַמעש געהאַסט די אַסאָציאַציע. ער פלעגט זאָגן וועגן איר, אַז אין איר איז פאַראַן מער שלעכטס, איידער גוטס, אַז זי איז אומנוצלעך לויט איר נאַ-טור, אַז זי איז אַפילע שעדלעך, ווי יעדע קייט אַף דער פרייהייט פונם אַר-בעטער, אַז דאָס איז אַ פּוסטע דאָגמע, אַן אומפּראָדוקטיווע, אַן אומזיניקע, אַז זי שטייט אין אַ ווידערשפּרוך ניט נאָר מיט דער פרייהייט פונם אַרבעטער, נאָר אויך מיטן פּרינציפּ פון איינשפּאָרן אַרבעט, און אירע שלעכטע זייטן וואַקסן גיכער, איידער אירע מאַילעס. לעגאַבע איר זיינען קאָנקורענץ, אַרבעטס-צעטיילונג, פּריוואַט-אייגנטום — נוצלעכע עקאָנאָמישע קרעפטן. נאָר אין אויסנאַם-פאַלן, ווי פּרודאָן רופט זיי אָן, אין דער גרויס-אינדוסטריע און גרויסע אונ-טערנעמונגען, ווי, צום ביישפּיל, אייזנבאַנען, קאָן דערלאָזט ווערן די אַסאָצי-אַציע פון אַרבעטער (Idée générale de la Révolution 3 étude).

און אין 1871-טן יאָר האָט שוין די גרויס-אינדוסטריע אויפגעהערט צו זיין אַן אויסנאַם אַפילע אין פּאַריז, אין אָט דעם צענטער פון האַנטווערקערשער פּראָדוקציע, פון שיינע אויסאַרבעטונגען. זי איז שוין געווען אַף אַזוי פיל פאַרשפּרייט, אַז דער וויכטיקסטער דעקרעט פון דער קאָמונע האָט פאַראָרדנט אַזאַ אָרגאַניזירונג פון דער גרויס-אינדוסטריע און אַפילע פון דער מאַנופאַקטור, פאַר וועלכער עס זיינען ניט נאָר געווען נויטיק אַסאָציאַציעס פון די אַרבע-טער אַף יעדער פאַבריק, נאָר מע האָט אַפילע געדאַרפט פאַראייניקן אָט די אַלע באַזונדערע אַסאָציאַציעס אין איין גרויסן פאַרבאַנד. און אַזאַ אָרגאַניזאַציע האָט, ווי מאַרקס האָט גאַנץ ריכטיק באַמערקט אין „בירגער-קריג“, אומפאַר-מיידלעך געמוזט פירן צום קאָמוניזם, ד. ה. צום דירעקטן היפּעך פון פּרו-דאָנס לערע. אָט פאַרוואָס די קאָמונע איז געווען דער קייווער פון דער פּרו-דאָנישער שול פונם סאָציאַליזם. די דאָזיקע שול איז איצט פאַרשוואונדן גע-וואָרן פון די פראַנצויזישע אַרבעטער-קרייזן. דאָ הערשט איצט אומבאַשטרייט-באַר, בײַ די „פּאָסיביליסטן“ ניט ווייניקער, ווי בײַ די „מאַרקסיסטן“, די מאַרק-סיסטישע טעאָריע. בלויז צווישן די „ראַדיקאַלע“ בורזשואַזיע טרעפן זיך נאָך פּרודאָניסטן.

ניט בעסער איז דאָס געווען מיט די בלאַנקיסטן. דערצויגענע אין דער שול פון פאַרשווערונגען, צוגעוואוינטע צו זייער שטרענגער דיסציפּלין, האָבן זיי געהאַלטן, אַז אַ לעפּיערעך קליינע צאָל אַנטשלאָסענע, גוט אָרגאַניזירטע מענטשן קאָנען, באַ אַ גינסטיקער סיטואַציע, ניט נאָר פאַרכאַפּן די מאַכט, נאָר אויך איינהאַלטן זי מיט דער הילף פון ענערגישע און אַנטשיידענע מיטלען, ביז וואַנען איר וועט זיך ניט איינגעבן אַריינצוציען אין דער רעוואָלוציע די פאָלקס-מאַסן און צו גרופּירן זיי אַרום דעם קליינעם הייפעלע פירער. דערצו איז קוירעמקאָל נויטיק די שטרענגסטע דיקטאַטאָרישע צענטראַליזירונג פון דער גאַנצער מאַכט אין די הענט פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. איז וואָס האט געטאָן די קאָמונע, וואָס איז אין איר מערהייט באַשטאַנען פון אָט אַזעלכע בלאַנקיסטן? אין אַלע אירע פּראָקלאַמאַציעס צו די פּראַנצויזן פון דער פּראָווינץ פלעגט זי איינלאַדן אַלע פראַנצויזישע קאָמונעס צו פאַראייניקן זיך אין איין פריי־ער פעדעראַציע מיט פּאַריז, צו פאַראייניקן זיך אין איין נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל ווירקלעך צום ערשטן מאָל געשאַפן ווערן דורך דער נאַציע גופע. גראַד די אונטערדריקנדיקע קראַפט פון דער אַלטער צענטראַליזירטער רעגירונג, די אַרמיי, פּאָליטישע פּאָליציי, די ביוראָקראַטיע, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געשאַפן אין 1798-טן יאָר און וואָס יעדע נייע רעגירונג פלעגט דאָס גערן איבערנעמען און אויסנוצן קעגן אירע קעגנער, גראָד אָט די קראַפט האָט געמוזט אומעטום פאַלן, פּונקט ווי זי איז געפאַלן אין פּאַריז.

די קאָמונע האָט גלייך פון אָנהויב אָן געמוזט אַנערקענען, אַז דער אַרבעטער-קלאַס, דערגרייכנדיק צו דער מאַכט, קאָן ניט אויסנוצן פאַר זיינע צילן די אַלטע מלוכה-מאַשין; אַז אָט דער אַרבעטער-קלאַס, אויב ער וויל ניט פאַרלירן צוריק די נאָר וואָס דעראָבערטע הערשאַפט, מוז ער, פון איין זייט, באַזייטיקן דעם גאַנצן אונטערדריקערישן מעכאַניזם, וואָס פלעגט ביז איצט אויסגענוצט ווערן קעגן אים גופע, פון דער אַנדער זייט, מוז ער זיך זיכערן קעגן זיינע אייגענע באַפולמעכטיקטע און באַאַמטע דורך דעם, וואָס מע זאָל זיי קאָנען אַלעמען, אָן יעדן אויסנאַם, אַראָפּזעצן אין יעדן מאָמענט. פון וואָס איז באַשטאַנען די אייגנאַרטיקייט פון דער ביז איצטיקער מלוכה? קעדיי צו באַזאָרגן אירע אייגענע אינטערעסן, האָט זיך די געזעלשאַפט געשאַפן, לעכאַטכילע דורך איינפאַכער אַרבעטס-צעטיילונג, באַזונדערע אָרגאַנען. אָבער מיט דער צייט זיינען די דאָזיקע אָרגאַנען און קוידעמקאָל די מלוכה, דינענדיק זייערע אייגענע פּריוואַט-אינטערעסן, פאַרוואַנדלט געוואָרן פון דינער פון דער געזעלשאַפט, אין אירע האַרן. אַזאַ דערשיינונג קאָן מען זען ניט נאָר אין די ביערושעדיקע מאָנאַרכיעס, נאָר אויך אין די דעמאָקראַטישע רעפּובליקן. ערגעץ בילדן ניט די „פּאָליטיקער" קיין מער אָפּגעזונדערטן און מעכטיקערן טייל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, ווי אין צאָפן-אַמעריקע. דאָ ווערט יעדע פון די צוויי גרויסע פּאַרטייען, וואָס די מאַכט גייט קעסיידער איבער פון איינער צו דער צווייטער, פון איר זייט, אָנגעפירט דורך מענטשן, וואָס מאַכן פון פּאָליטיק אַ געשעפט, וואָס ספּעקולירן מיט די ערטער פון די געזעצגעבערישע

פארזאמלונגען פונם פארבאַנד אדער פון איינצלנע שטאַטן, אָדער לעבן פון אַגיטאַציע לעטויוועס זייער פאַרטיי און ווערן באַלוינט מיט שטעלעס נאָכדעם ווי זייער פאַרטיי זיגט. עס איז באוואוסט, ווי די אַמעריקאנער פּרואוון זיך שוין אין מעשעך פון 30 יאָר אַראָפּצוואווארפן אָט דעם אומדערטרעגלעך-גע-וואָרענעם יאָך און ווי, ניט קוקנדיק אַף אַלע זייערע אָנשטרענגונגען, ווערן זיי אַלץ מער פארזונקען אין אָט דעם זומפּ פון פּאַוּקויפּלעכקייט. גראד אין אַמע-ריקע קאָנען מיר בעסער פון אַלץ זעען, ווי די מלוכע ווערט אומאָפּהענגיק פון דער געזעלשאַפט, אַ ווערקצייג פון וועלכער זי האָט אייגנטלעך געדאַרפט זיין. דאָ איז ניט פאַראַן קיין דינאסטיע, קיין אַדל, קיין שטענדיקע אַרמיי, אַכוץ דעם הייפעלע סאָלדאטן אַף אַכטונג צו געבן איבער די אינדיאַנער, קיין ביוראָקראַטיע מיט געזיכערטע שטעלעס אָדער פּענסיעס. און פונדעסטוועגן האָבן מיר דאָ צוויי גרויסע באַנדעס פון פּאָליטישע ספּעקוליאַנטן, וואס באהערשן איינע נאָך דער אַנדערער די מלוכע-מאַכט און עקספּלואַטירן זי מיט די מיעס-טע מיטלען צוליב די מיעסטע צילן. און דאס פאָלק שטייט מאַכטלאָז פאַר אָט די צוויי גרויסע פּאָליטיקער-קאַרטעלן (פאַרבאַנדן), וואָס דינען, קלוימערשט, אים און אין דער ווירקלעכקייט הערשן זיי איבער אים און באַרויבן אים.

קעגן אָט דער אומפארמיידלעכער אין אַלע ביז איצטיקע מלוכעס פאַר-וואנדלונג פון דער מלוכע און פון די מלוכע-אָרגאנען פון דינער פון דער גע-זעלשאַפט אין האַרן איבער דער געזעלשאַפט האָט די קאָמונע אָנגענומען צוויי זיכערע מיטלען. ערשטנס, האט זי אַוועקגעזעצט אַף אַלע שטעלעס,—אַדמיניסט-ראַטיווע, ריכטערישע, לערערשע,—מענטשן, וואס זיינען אויכגעקליבן געוואָרן דורך אַלגעמיינער אָפּשטימונג,—וואס זיינען פאַרינטערעסירט אינם אויספירן די-דאָזיקע היסכאַיוועסן. דערביי האָבן די וויילער געהאַט דאָס רעכט צו יעדער צייט אָפּצורופן זייערע אויסגעוויילטע. און, צווייטנס, פלעגן אַלע אָנגעשטעל-טע פון דער קאָמונע, סאַי די העכערע, סאַי די נידעריקערע, באַקומען געהאַלט, ניט קיין גרעסערן פונם אַרבעטס-לוין פון אַן אַרבעטער. דער גרעסטער גע-האַלט, וועלכן זי פלעגט ביכלאַל צאָלן, איז געווען 6 טויזנט פראַנק. דורך דעם איז געמאַכט געוואָרן אַ סאָף צום קאַריעריזם און צום יאָגן זיך נאָך שטעלעס, אַפילע אָן דער הילף פון אימפּעראַטיווע מאנדאטן פאַר די אויסגעקליבענע אין די פאָרשטייער-געזעלשאַפט-אָרגאַנען, וועלכע זיינען שוין אייגנטלעך געווען איבעריק.

דידאָזיקע פארניכטונג פון דער אַלטער מלוכע״מאַכט און דאס פארבייטן זי דורך אַ נייער, אַ בעעמעס דעמאָקראַטישער איז אויספירלעך געשילדערט אינם דריטן אָפּשניט פונם „בירגער-קריג״. מיר האָבן אָבער געהאַלטן פאַר נוי-טיק נאָכאמאָל בעקיצער אונטערצושטרייכן דאָ איניקע שטריכן פונם דאָזיקן פּראָצעס, ווייל גראד אין דייטשלאנד איז דער דאָזיקער אבערגלויבן אין דער מלוכע אַריבער פון דער פילאָסאָפיע אינם אלגעמיינעם באוואוסטזיין פון דער בורזשואזיע און אַפילע פון פילע אַרבעטער. לויט דער פאָרשטעלונג פון דער פילאָסאָפיע איז די מלוכע די „פאַרווירקלעכונג פון דער אידייע״ אָדער די איבערגעזעצטע אין דער פילאָסאָפישער שפּראַך „גאָטס מלוכע אַף דער ערד״, אַ געביט, וואו עס ווערט, אָדער וואו עס דאַרף פאַרווירקלעכט

ווערן דער אייביקער עמעס און גערעכטיקייט. פון דאַנען דרינגט ארויס דער אבערגלויבישער איראכהאַקאָוועד צו דער מלוכע און צו אלץ, וואס איז מיט איר פארבונדן. דערדאָזיקער איראכהאַקאָוועד איז נאָך באזונדערס שטארק, ווייל די מענטשן ווערן פון קינדווייז אָן צוגעוואוינט צו מיינען, אַז מע קאָן ניט פירן די געזעלשאפטלעכע איניאָנים און פארטיידיקן די אינטערעסן פון דער גאנצער געזעלשאַפט אַנדערש, ווי דאָס פלעגט געטאָן ווערן ביז איצט, ד. ה. דורך דער הילף פון דער מלוכע און פון אירע גוט באַצאָלטע באאמטע. און גאַנץ אָפט מיינט מען, אַז מע מאכט אַ געוואלטיק דרייסטן שריט, ווען מע זאָגט זיך אָפּ פונם גלויבן אין דער ביערושעדיקער מאָנארכיע און מע ברענגט אַ שוואוּע דער דעמאָקראטישער רעפובליק. און אין דער ווירקלעכקייט איז די מלוכע ניט קיין אנדער זאַך, אלס אַ מאשין פאר דער אונטערדריקונג פון איין קלאַס דורך דעם צווייטן, און צו אַ דעמאָקראטיטער רעפובליק איז דאָס ניט ווייניקער שאיעך, ווי צו אַ מאָנארכיע, אין בעסכן פאל איז דאָס (די מלוכע) אַ בייז, וואָס דער פראָלעטאריאט וועט באקומען ביערושע נאָכן אָפּהאלטן אַ זיג אינם קאמף פאר קלאסן-הערשאפט, און דעם פראָלעטאריאט וועט אויסקומען, פונקט ווי דער קאָמונע, ארומצושניידן, אַף וויפל עס וועט זיין מעגלעך, די שלעכטע זייטן פון דעמדאָזיקן בייז, ביז דער נייער דאָר, וואס וועט אויסוואקסן אין אַ נייער, פרייער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, וועט זיין בעקויעך אראָפּצוואַרפן דאס גאנצע אַלטווארג פון וועלכע מלוכע-אנשטאלטן עס זאָל ניט זיין.

די לעצטע צייט פאלט ווידער אָן אַפּן דייטשישן פיליסטער אַ רעטונגס-איימע בא די ווערטער „דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט". איז ווילט איר וויסן, איר הערן, ווי זעט אויס דידאָזיקע דיקטאטור, גיט אַ קוק אַף דער פאריזער קאָמונע, דאס איז געווען די דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט.

לאנדאן, אין צוואַנציקסטן יאָרטאָג פון דער פאריזער קאמונע, דעם 18-טן מארט פון 1891-טן יאָר

פ. ענגעלס.

# צו די מיטגלידער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע אין אייראָפּע און אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

## I.

### דער ערשטער אויפרוף פונם גענעראַל-ראַט וועגן דעם דייטשיש-פראַנצויזישן קריג.

אינם אויפרוף פון אונזער אַסאָציאַציע פון נאָיאַבר 1864-טן יאָר האָבן מיר געזאָגט: „אויב די באַפרייאונג פונם אַרבעטער-קלאַס האָט אַלס אַ פאָרהאַנאָכע די ברידערלעכע פאַראייניקונג און ענגע געמיינזאַמע אַרבעט פונם אַרבעטער-קלאַס, איז ווי אַזוי קאָן ער אויספירן אָט די גרויסע שליכעס, קאָלזמאַן די אויסערלעכע פּאָליטיק, שטעלנדיק זיך פאַרברעכערישע פּלענער, בלאָזט פאַנאַנדער די נאַציאָנאַלע פאָרורטיילן און פאַרגיסט אין רויבערישע מילכאָמעס דאָס בלוט פונם פאָלק און פאַרשווענדט זיין האָב און גוטס". די אויסערלעכע פּאָליטיק, צו וועלכער עס וויל זיך דערשלאָגן דער אינטערנאַציאָנאַל, האָבן מיר כאַראַקטעריזירט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „דיזעלבע איינפאַכע געזעצן פון מאָראַל און גערעכטיקייט, וועלכע דאַרפן רעגולירן די באַציאונגען צווישן פּריוואַטע מענטשן, דאַרפן אויך זיין גילטיק אַלס די העכסטע געזעצן אין די באַציאונגען צווישן פעלקער".

עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס לואי באָנאַפּאַרט, וואָס האָט אוזורפּירט זיין מאַכט דורך עקספּלואַטירן דעם קלאַסנקאַמף אין פראַנקרייך און האָט זי איינגעהאַלטן אין מעשעך פון אַ לענגערער צייט דורך אַ גאַנצער ריי אויסערלעכע מילכאָמעס, האָט זיך גלייך פון אָנהויב אָן באַצויגן צום אינטערנאַציאָנאַל, ווי צו אַ געפערלעכן סוינע. ערעוו דעם פּלעביסציט אָרדנט ער איין אַ מאַרש קעגן די פאַראָרדענונגס-קאָמיסיעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע אין פּאַריז, ליאָן, רואַן, מאַרסעל, ברעסט, מיט איין וואָרט, אין גאַנץ פראַנקרייך, מיט דעם אויסרייד, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל איז אַ געהיימע געזעלשאַפט און גרייט אַ פאַרשווערונג מיטן ציל צו דערהאַרגענען אים; אַן אויסרייד, וואָס זיין אומזיניקייט איז גלייך אויפגעדעקט געוואָרן דורך זיינע אייגענע ריכטער. אין וואָס איז באַשטאַנען דער ווירקלעכער פאַרברעכן

פון די פראַנצויזישע סעקציעס פונם אינטערנאַציאָנאַל? אין דעם, וואָס זיי האָבן אָפן דערקלערט דעם פראַנצויזישן פאָלק: שטימען פאַרן פלעביסציט הייסט שטימען פאַר דעספּאָטיזם אינעווייניק אינם לאַנד און פאַר אַן אויסער-לעכער מילכאָמע. און אין דער ווירקלעכקייט איז דאָס טאַקע געווען זייער אויפטו, וואָס אין אַלע גרויסע שטעט, אין אַלע אינדוסטריעלע צענטערן פון פראַנקרייך איז דער אַרבעטער-קלאַס, ווי איין מאַן, אויפגעשטאַנען קעגן דעם פלעביסציט. צום אומגליק, זיינען זייערע שטימען דערשטיקט געוואָרן דורך דער טיפער אומוויסנקייט פון די דאָרף-קרייזן. די בירזשעס, די קאַבינעטן, די הערשנדיקע קלאַסן און די פרעסע קימאַט פון גאַנץ אייראָפּע האָבן געפייערט דעם פלעביסציט, אַלס אַ זיג פונם פראַנצויזישן קייסער איבער דעם פראַנצויזישן אַרבעטער-קלאַס; אין דער ווירקלעכקייט איז דאָס געווען אַ סיגנאַל צו אַ דערמאָרדונג, אָבער ניט פון אַן איינצלנער פּערזאָן, נאָר פון גאַנצע פעלקער.

די מיליטערישע פאַרשווערונג פון יולי 1870-טן יאָר איז בלויז אַ פאַרבעסערטע אויפלאַגע פון דער מלוכע-איבערקערעניש פון דעקאַבער 1851-טן יאָר. אַפן ערשטן קוק האָט זיך די זאַך אויסגעדוכט אזוי אומזיניק, אז פראַנקרייך האָט אפילו ניט געוואָלט גלויבן אין איר ערנסטקייט. מע האָט פיל מער גע-גלויבט יענע דעפּוטאַטן, וואס האָבן אין די קריגערישע רעדעס פון די מיניס-טאָרן איינגעזעען בלויז אַ בירזשע-מאַנעוור. ווען, לעסאָף, דעם 15-טן יולי איז אָפיציעל געמעלדעט געוואָרן דער געזעצגעבערישער פאַרזאמלונג וועגן דעם קריג, האָט זיך די גאַנצע אָפּאָזיציע אָפּגעזאָגט פון באַשטעטיקן די פאַר-קרעדיטן; אפילע טיער האָט געשטעמפּלט דעם קריג אַלס אַ „שענדלעכן". אַלע אומאָפּהענגיקע זשורנאַלן פון פאַריז האָבן אים פאַרורטיילט, און צו באַ-וואונדערן איז, וואָס די פּראָווינציעלע פרעסע איז קימאַט אינגאַנצן מאַסקים געווען מיט זיי.

און די פאַריזער מיטגלידער פונם אינטערנאַציאָנאַל נעמען זיך דערווייל ווידער פאַר דער אַרבעט. אינם „רעוועל" פון 12-טן יולי האָבן זיי פאַרעפנט-לעכט זייער מאַניפעסט צו די „אַרבעטער פון אַלע פעלקער", אין וועלכן עס ווערט געזאָגט:

„ווידער דראָט די פּאָליטישע ערגייציקייט דעם שאָלעם פון דער וועלט מיטן טערעץ צו פאַרטיידיקן דעם אייראָפּעאישן גלייכגעוויכט און די נאַציאָ-נאַלע ערע. פראַנצויזישע, דייטשישע און שפּאַנישע ארבעטער! לאָמיר פאַריי-ניקן אונזערע שטימען אין איין אויפרעגונגס-רוף קעגן דער מילכאָמע. א מיל-כאָמע צוליב דער פראַגע פון איבערהאַנט אָדער צוליב אַ וועלכער ס'ניט איז דינאַסטיע קאָן אין די אויגן פון די אַרבעטער ניט זיין קיין אַנדער זאַך, ווי א פאַרברעכערישער אומזין. מיר פּראָטעסטירן הויך קעגן די קריגערישע אויס-געשרייען פון די, וואָס קויפן זיך אָפּ פונם בלוט-שטייער און וואָס זעען אין אינם אלוועלטלעכן אומגליק בלויז א קוואַל פאַר נייע ספּעקולאַציעס. קעגן זיי פּראָטעסטירן מיר, די, וואָס נויטיקן זיך אין שאָלעם און אַרבעט!... ברידער אין דייטשלאַנד! די סינע צווישן אונז וועט בלויז פירן צום טריאומף פונם

דעספאָטיזם אף ביידע זייטן פונם ריין... אַרבעטער פון אַלע לענדער! וואָס פאַר א רעזולטאַטן עס זאלן ניט געבן אינם געגעבענעם מאָמענט אונזערע געמיינזאמע אָנשטרענגונגען, איז מיר, מיטגלידער פון דער אינטערנאציאָנאלער אַרבעטער-אַסאָציאציע, פאַר וועלכע עס עקזיסטירן ניט קיינע שום מלוכישע גרע-ניצן, שיקן אייך, אלס מאַשקן פון אומצעררייסבאַרער סאָלידאַריטעט, אונזערע גוטע וואונשן און אַ גרוס פון די אַרבעטער פון פראַנקרייך".

נאָך דעמדאָזיקן מאַניפעסט פון אונזערע פאַריזער סעקציעס זיינען גע-גאנגען אָן אַ שיר פראַנצויזישע אויפרופן, פון וועלכע מיר קאָנען דאָ ברענגען בלויז איינעם: דעם אויפרוף פון נעלי אף דער סענע, פאַרעפנטלעכט אין דער ציטונג „מארסעָלייעזע" פון 22-טן יולי: „צי איז דער קריג אַ גערעכטער? ניין! צי איז דער קריג א נאַציאָנאלער? ניין! ער איז אויסשליסלעך א די-נאַסטישער. אין נאָמען פון גערעכטיקייט, אין נאמען פון דעמאָקראַטיע, אין נאמען פון די עמעסע אינטערעסן פון פראנקרייך, פאַרייניקן מיר זיך פולקום און ענערגיש מיט די פּראָטעסטן פונם אינטערנאציאָנאל קעגן דעם קריג".

די דאָזיקע פראטעסטן האָבן אויסגעדריקט די עמעסע געפילן פון די פראַנ-צויזישע ארבעטער, ווי דאָס האָט אינגיכן קלאָר באַוויזן איין אינטערעסאנטע געשעע-ניש. ווען די באנדע דעמאנסטראנטן פון 10-טן דעקאבער, וועלכע איז טכיכעס אָרגאַ-ניזירט געוואָרן בעאייס דער פרעזידענטשאפט פון לואי באנאַפּאַרט, איז, אַ איבערגעטאָנענע אין ארבעטער-העמדלעך, אַרויסגעלאָזט געוואָרן אף דער גאס, קעדיי דורך אַנדישע מיליטער-טענץ פאנאַנדערצופלאַקערן דעם מיליטער-פיבער, האָבן די ווירקלעכע אַרבעטער פון די פּאָרשטעט געענטפערט מיט אזעלכע אימפּאָזאַנטע שאָלעם-דעמאָנסטראציעס, אז דער פּאָליציי-פרעפעקט פיעטרי האָט געהאלטן פאר נויטיק פלוצלונג צו מאכן אַ סאָף צו יעדער ווײַ-טערדיקער גאַסן-פּאָליטיק מיטן אויסרייד, אַז דאָס געטרייע פאלק פון פאריז האט שוין גענוג אַרויסגעוויזן זיין לאַנג פאַרבאהאלטענעם פּאַטריאָטיזם און זיין אומאויסשעפלעכן מיליטערישן ענטוזיאזם.

מיט וואָס עס זאָל זיך ניט ענדיקן די מילכאָמע צווישן לואי באָנאַפּאַרטן און פּרייסן, אָבער אין פאַריז האָט שוין אָפּגעקלונגען דער קוואורע-גלאָק פון דער צווייטער אימפעריע. זי וועט זיך ענדיקן פונקט אַזוי, ווי זי האָט זיך אָנגעהויבן: מיט אַ נעבעכדיקער פּאראָדיע. מע קען אָבער ניט פאַרגעסן, אַז דאָס זיינען געווען די רעגירונגען און הערשנדיקע קלאַסן פון איירָאָפּע, וואָס האָבן געגעבן לואי באָנאַפּאַרטן די מעגלעכקייט אין משך פון אַכצן יאָר צו שפּילן דעם גרויזאַמען פארס פון דער רעסטאַווראציע פון דער צווייטער אימפעריע.

פאַר די דייטשן איז דאָס געווען אַ פאַרטיידיקונגס-מילכאָמע. ווער האָט אָבער געבראַכט דייטשלאַנד צו אַזאַ לאַגע, אַז זי האָט זיך געמוזט פאַרטיי-דיקן? ווער האָט געגעבן לואי באָנאַפּאַרטן די מעגלעכקייט צו פירן מילכאָמע קעגן דייטשלאַנד? פּרייסן! ביסמאַרק איז דאָס געווען דער. ווער עס האָט קאָנספּירירט מיט דעמזעלבן לואי באָנאַפּאַרטן, קעדיי צו דערשטיקן בײַ זיך די דעמאָקראַטישע אָפּאָזיציע און צו אַנעקסירן דייטשלאַנד פאַר דער דינאַסטיע פון די האָהענצאָלערנס. אויב פּרייסן וואָלט ניט געוואונען די שלאַכט בײַ סאַדאווא,

נאָך פאַרשפּילט, וואָלט דייטשלאַנד פאַרפּלייצט געוואָרן דורך פראַנצויזישע
באַטאַליאָנען, אַלס פאַרבינדעטע פון פרייסן. זי האָט פרייסן נאָך דעם זיג
כאָטש איין רעגע געטראַכט וועגן דעם, אַז אַנטקעגן דעם פאַרשקלאַפטן פראַנק-
דייך דאַרף מען אַנטקעגנשטעלן אַ פרייע דייטשלאַנד? פונקט פאַרקערט! זי
האָט ציטעריק איינגעהאַלטן אַלע פאַרצייטיקע שיינע זאַכן פון איר אַלטער
סיסטעם און האָט נאָך צו זיי צוגעגעבן אַלע שפּיצלעך פון דער צווייטער
אימפּעריע, איר ווירקלעכן דעספּאָטיזם און איר שיינבאַרן דעמאָקראַטיזם, אירע
פּאָליטישע שטיק און אירע פינאַנציעלע שווינדלערייען, אירע הויך-מעליצעדיקע
פראַזן און געמיינע גנייווע-שטיק. דער באָנאַפּאַרטישער רעזשים, וואָס האָט ביז
דעמאָלט געבליט בלויז אַף איין ברעג ריין, האָט, אַף אַזאַ אויפן, געפונען זיין
צווילינג אַפן צווייטן ברעג. און אויב די זאַך איז געווען אַזוי, איז וואָס אַנדע-
רעס האָט געקאָנט פון דעם אַרויסקומען, אַכוץ אַ מילכאָמע?

אויב דער דייטשישער אַרבעטער-קלאַס וועט דערלאָזן, אַז דער איצטי-
קער קריג זאָל פאַרלירן זיין שטרענג פאַרטיידיקונגס-כאַראַקטער און זאָל דע-
גענערירן אין אַ קריג קעגן דעם פראַנצויזישן פאָלק,—דעמאָלט איז סײַ אַ זיג
און סײַ אַ מאַפּאָלע וועלן ביידע זיין גלייך שעדלעך. אַלע אומגליקן, וואָס
דייטשלאַנד האָט געהאַט אויסצושטיין נאָך די אַזוי-גערופענע באַפרייאונגס-מיל-
כאָמעס, וועלן ווידער אויפלעבן מיט אַ פאַרשטאַרקטער אַכזאָריעסקייט.

אָבער די פּרינציפּן פונם אינטערנאַציאָנאַל האָבן זיך צו ברייט פאַרשפּרייט
און זיינען צו טיף איינגעוואָרצלט צווישן דעם דייטשישן אַרבעטער-קלאַס, מיר
זאָלן דאַרפן מוירע האָבן פאַר אַזאַ טרויעריקן אויסגאַנג. די שטים פון די
פראַנצויזישע אַרבעטער האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דייטשלאַנד. אַ מאַסן-
פאַרזאַמלונג פון אַרבעטער אין בראָונשווייג דעם 6-טן יולי האָט זיך פולקום
סאָלידאַריזירט מיטן פּאַריזער מאַניפעסט, האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן יעדן
געדאַנק וועגן נאַציאָנאַלער סינע צו פראַנקרייך און האָט אָנגענומען אַ רעזאָ-
לוציע, אין וועלכער עס ווערט געזאָגט: „מיר זיינען קעגנער פון יעדע מיל-
כאָמעס, אָבער קודעמקאָל פון דינאַסטישע מילכאָמעס... מיט טיפן טרויער און
ווייטאָג זעען מיר, אַז מיר זיינען געצוואונגען צו נעמען אַן אנטייל אין אַ
פאַרטיידיקונגס-קריג, ווי אין אַן אומפאַרמיידלעכער בייז; מיר רופן אָבער
גלייכצייטיק דעם גאַנצן דענקענדיקן אַרבעטער-קלאַס, ער זאָל מאַכן פאַר או-
מעגלעך די איבערכאַזערונג פון אַזאַ שרעקלעכן סאָציאַלן אומגליק, דערשלאָגנ-
דיק זיך דערביי, אַז די פעלקער גופע זאָלן האָבן די מאַכט צו באַשליסן די
פראַגע וועגן מילכאָמע און שאָלעם און מאַכנדיק, אַף אַזאַ אויפן, די פעלקער
פאַר האַרן איבער זייער אייגענעם גוירל".

פון כעמניץ האָט אַ פאַרזאַמלונג פון באַפולמעכטיקטע, וועלכע האָט
פאָרגעשטעלט 50 טויזנט זאַקסישע אַרבעטער, איינשטימיק אנגענומען פאָלגנ-
דיקע רעזאָלוציע: „אין נאָמען פון דער דייטשער דעמאָקראַטיע און ביפראַט
אין נאָמען פון די אַרבעטער פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי דער-
קלערן מיר דעם איצטיקן קריג אויסשליסלעך פאַר אַ דינאַסטישן... מיט פרייד
דריקן מיר די ברודער-האַנט, וועלכע עס האָבן אונז אויסגעשטרעקט די פראַנ-

צויזישע אַרבעטער... געדענקענדיק דעם לאָזונג פון דער אינטערנאציאָנאלער אַרבעטער-אסאָציאַציע: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאראייניקט זיך!“, וועלן מיר קיינמאָל ניט פארגעסן, אַז די ארבעטער פון אַלע לענדער זיינען אונזערע פריינט און די דעספּאָטן פון אַלע לענדער אונזערע פיינט“.

די בערלינער סעקציע פונם אינטערנאַציאָנאַל האָט אויך געענטפערט אָפן פאַריזער מאניפעסט: „מיטן גאנצן הארצן פאראייניקן מיר זיך מיט אייער פּראָטעסט... מיר גיבן אַ פייערלעכן נײדער, אַז ניט דאָס שפּילן פון טרומייטן ניט דאָס דונערן פון הארמאטן, ניט דער זיג און ניט די מאַפּאָלע וועלן אונז ניט אָפּווענדן פון אונזער געמיינזאמער זאך צו פאראייניקן די אַרבעטער פון אַלע לענדער“.

אין הינטערגרונט פון אָט דעם זעלבסטמערדערישן קאמף האָט געלויערט די פאטאלע פיגור פון רוסלאנד. אַ שלעכטער סימען איז דאָס געווען, וואָס דער סיגנאל צו דער איצטיקער מילכאָמע איז געגעבן געוואָרן גראד אין דעם מאָמענט, ווען די רוסישע רעגירונג האָט פאַרענדיקט בויען אירע סטראטעגישע אייזנבאַנען און האָט שוין קאָנצענטרירט מיליטער אין דער ריכטונג צום פּרוט צו. ווי גרויס עס זאָל ניט זיין די סימפּאַטיעס, אַף וועלכע די דייטשן האָבן רעכט אין זייער פארטיידיקונגס-קריג קעגן דעם באָנאפּארטיסטישן אָנפאַל, וועלן זיי באַלד פארלירן, ווי נאָר זיי וועלן דערלאָזן, אַז די דייטשישע רעגירונג זאָל רופן צו הילף אָדער זאָל אַפילע נאָר אָנעמען די הילף פון די קאָזאַקן. זאָ‍ין זיי זיך דערמאנען, אַז נאָך דער מילכאָמע פאר אומאָפּהענגיקייט קעגן נאַפּאָלעאָן דעם 1-טן, איז דייטשלאנד אין מעשעך פון יאָרצענדליקע אומבאַהאָלפן געלעגן בא די פיס פונם צאַר.

דער ענגלישער אַרבעטער-קלאס שטרעקט ברידערלעך אויס די האנט די פראנצויזישע אַרבעטער, ווי אויך די דייטשישע. ער איז פעסט איבערצייגט, אַז ווי עס זאָל זיך ניט ענדיקן דער פארשטייענדיקער עקלדיקער קריג, וועט דער בונד פון די אַרבעטער פון אַלע לענדער סאָפּקאָלסאָף אויסוואָרצלען יעדע מילכאָמע. אין דער צייט ווען די אָפיציעלע פראַנקרייך און די אָפיציעלע דייטשלאַנד ווארפן זיך אין אַ ברודער-קריג איינע מיט דער צווייטער, שיקן די אַרבעטער איינע די אנדערע בסורעס פון שאָלעם און פריינטשאפט. שוין אָט דער גרויסער פאקט אַליין, וואָס האָט קיין גלייכן ניט אין דער געשיכטע פון דער פאַרגאנגענהייט, גיט האָפענונגען אף אַ מער ליכטיקער צוקונפט. ער באווייזט, אז, לעהייפעך צו דער אלטער געזעלשאפט מיט איר עקאָנאָמישן דאלעס און פּאָליטישן אומזין, ווערט געבוירן אַ נייע געזעלשאפט, וואָס שאָלעם וועט זיין איר אינטערנאציאָנאלער פּרינציפּ, ווייל בא אלע פעלקער וועט זיין איינער און דערזעלבער פּרינציפּ — די ארבעט! די פּאָרזאָגערין פון אָט דער נייער געזעלשאפט איז די אינטערנאציאָנאלע ארבעטער-אסאָציאַציע.

לאָנדאָן, דעם 23-טן יולי פון 1870-טן יאָר.

II

## צווייטער אויפרוף פונם גענעראַל־ראַט וועגן דעם דייטשיש־פראַנצויזישן קריג.

אין אונזער ערשטן מאַניפעסט פון 23-טן יולי האָבן מיר געזאָגט:
„אין פאַריז האָט שוין אָפּגעקלונגען דער קוואַרע-גלאָק פון דער צווייטער אימפעריע. זי וועט זיך ענדיקן פונקט אַזוי, ווי זי האָט זיך אָנגעהויבן: מיט אַ נעבעכדיקע פּאַראָדיע. מע טאָר אָבער ניט פאַרגעסן, אַז דאָס זיינען געווען די רעגירונגען און הערשנדיקע קלאַסן פון אייראָפּע, וואָס האָבן געגעבן לואי באָנאַפּאַרטן די מעגלעכקייט אין משך פון אַכצן יאָר צו שפּילן דעם גרויזאַמען פאַרס פון רעסטאַווראַציע פון דער צווייטער אימפעריע".

איז, הייסט עס, נאָך איידער עס האָבן זיך אָנגעהויבן די קריגס-אָפּעראַציעס, האָבן מיר שוין געקוקט אויפן באָנאַפּאַרטיסטישן זייפן-בלאָז, ווי אויף אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט.

מיר האָבן ניט געהאַט קיין טאָעס מיקויעך דער לעבנספעאיקייט פון דער צווייטער אימפעריע. מיר זיינען אויך ניט געווען אומגערעכט אין אונזער מיינונג, אַז פאַר דייטשלאַנד וועט „דער קריג פאַרלירן זיין שטרענגן פאַרטיידיקונגס-כאַראַקטער און וועט דעגענערירן אין אַ קריג קעגן דעם פראַנצויזישן פאָלק". דער פאַרטיידיקונגס-קריג האָט זיך ווירקלעך געענדיקט מיט דעם, וואָס לואי באָנאַפּאַרט האָט זיך אונטערגעגעבן, וואָס סעדאַן האָט קאַפּיטולירט און וואָס אין פאַריז איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ רעפּובליק, אָבער נאָך מיט אַ לאַנגער צייט פאַר די דאָזיקע געשעענישן, אין דעם מאָמענט, ווען עס איז קלאָר געוואָרן די צעפוילטקייט פונם באָנאַפּאַרטישן רעזשים, האָט די פּרייסישע מיליטער-קנופּיע באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען דעם קריג אין אַ דעראָבערונגס-קריג. געמעס, די אייגענע פּראָקלאַמאַציע פונם קעניג ווילהעלם אין אָנהויב פון דער מלחמה איז געווען אַ מיעסע מעניעה אויפן וועג פון דער דאָזיקער קנופּיע. פון זיין טראָן-רעדע צום צאָפן-דייטשישן רייכסטאַג האָט ער פייערלעך דערקלערט, אַז ער וועט פירן מלחמה נאָר קעגן דעם פראַנצויזישן קייסער און ניט קעגן דעם פראַנצויזישן פאָלק. צום 11-טן אויגוסט האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט צום פראַנצויזישן פאָלק, אין וועלכן ער האָט געזאָגט: „דער קייזער נאַפּאָלעאָן איז אויפן וואַסער און אויף דער יאַבאָשע אָנגעפאַלן אויפן דייטשישן פאָלק,

וואָס האָט געוואָלט און וויל נאָך איצט לעבן בעשאָלעם מיטן פראַנצויזישן פאָלק; איך האָב גענומען אַף זיך די קאָמאַנדירונג איבער דער דייטשישער אַרמיי, קעדיי אָפצושלאָגן זיין אָנפאַל, און דער גאַנג פון די מיליטערישע געשעענישן האָט מיך געבראַכט צו דעם, אַז איך האָב געמוזט אַריבערטרעטן די גרעניצן פון פראַנקרייך". ניט באַנוגנדיק זיך דערמיט, וואָס קעדיי אונטערצושטרייכן דעם „ריינעם פאַרטיידיקונגס-כאַראַקטער" פון דער מילכאָמע האָט ער געמאָלדן, אַז ער האָט גענומען אַף זיך די קאָמאַנדירונג איבער דער דייטשישער אַרמיי, „קעדיי אָפצושלאָגן דעם אָנפאַל", גיט ער נאָך צו, אַז נאָר „דער גאַנג פון די מיליטערישע געשעענישן האָט אים געבראַכט דערצו, אַז ער האָט געמוזט אַריבערטרעטן די גרעניצן פון פראַנקרייך". אַ פאַרטיידיקונגס-מילכאָמע שליסט, נאַטירלעך, ניט אויס קיין אָנגריף-אָפעראַציעס, וואָס ווערן דיקטירט דורכן „גאַנג פון די מיליטערישע געשעענישן".

אַף אַזאַ אויפן, האָט אָט דער גאָטספאַרכטיקער קעניג זיך מיסכאַיעוו געווען פאַר פראַנקרייך און פאַר דער וועלט צו פירן א נייעם פאַרטיידיקונגס-קריג. ווי אַזוי זשע באַפרייט מען אים פונם דאָזיקן פייערלעכן צוזאָג? די רעזשיסאָרן פון דער גאַנצער קאָמעדיע האָבן געמוזט פאָרשטעלן די זאַך אַזוי, אַז קלוימערשט קעגן זיין אייגענעם ווילן גיט ער נאָך די דרינגנדיקע פאָדערונגען פונם דייטשישן פאָלק; זיי האָבן גלייך געגעבן אַ פאַראָל דעם ליבעראַלן דייטשישן מיטל-קלאַס מיט זיינע פראָפעסאָרן, זיינע קאַפיטאַליסטן, זיינע דעפוטאַטן און צייטונגס-לייט. אָט דער מיטל-קלאַס, וואָס האָט אינם קאַמף פאַר בורזשואַזער פרייהייט אין די יאָרן 1846—1870 אַרויסגעוויזן אַן אומגעזעענע אומאַנטשלאָסנקייט, אומפעאיקייט און פאַכדאָנעס, איז, פאַרשטייט זיך, געקומען אין קעלבערנע היספאַילעס פון דעם, וואָס ער האָט געהאַרפט אַרויסטרעטן אַף דער אייראָפעאישער סצענע אין דער ראָלע פון אַ ברומענדיקן לייב פונם דייטשישן פאַטריאָטיזם. ער האָט אָנגעטאָן אַ שלייער פון בירגערלעכער אומאָפהענגיקייט, קעדיי צו מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער צווינגט קלוימערשט די פרייסישע רעגירונג... אויסצופירן טאַקע די געהיימע פלענער פון דער פרייסישער רעגירונג. ער האָט טשואווע געטאָן אַף זיין יאָרן-לאַנגען און קימאַט רעליגיעזן גלויבן אין דער אומזינדיקייט פון לואי באָנאַפאַרטן דורך דעם, וואָס ער האָט הויך געפאָדערט די צעברעקלונג פון דער פראַנצויזישער רעפובליק. לאָמיר זיך אַף אַ רעגע אָפשטעלן אַף די פרומע ראַיעס פון אָט די הייסע פאַטריאָטן!

זיי האָבן ניט קיין האָזע צו באַהויפטן, אַז די באַפעלקערונג פון עלזאַס-לאָטאַרינגיע לעכצט נאָך די דייטשישע אָרעמס; גראָד פאַרקערט, קעדיי צו באַשטראָפן שטראַסבורג פאַר זיין פראַנצויזישן פאַטריאָטיזם האָט מען אָן נוצן אַכזאָריש — ווייל וויכטיק איז ניט די שטאָט, נאָר די פעסטונג, וואָס געפינט זיך גאַנץ זעלבשטענדיק—באָמבאַרדירט אין משך פון 6 טעג מיט „דייטשישע" אויפרייס-באָמבעס, מע האָט אָנגעצונדן די שטאָט, און דערהאַרגעט אָן אַ שיר שוצלאָזע איינוואוינער, און ווי טאַקע אַנדערש! דער באָדן פון די-דאָזיקע פראָווינצן האָט דאָך אַמאָליקע יאָרן געהערט דער שוין לאַנג פאַר-

שטאָרבענער דייטשישער אימפּעריע. אַף דעם סמך האָט מען, עפּעס, געדאַרפט
קאָנפיסקירן דעם גאַנצן ערד-קיילעך מיט אַלע מענטשן, וואָס געפינען זיך אַף
אים, אַלס דייטשיש-אייגנטום, אַף וועלכן עס איז נאָך ניט כאָל דאָס לאַנג-
דויערנדיקייט-רעכט? אויב די אַלטע קאַרטע פון אייראָפּע וואָלט איבערגעאַר-
בעט געוואָרן אין העסקעם מיטן היסטאָרישן רעכט, דאַן טאָרן מיר בעשום
אויפן ניט פאַרגעסן, אַז דער קורפירשט פון בראַנדענבורג איז בעשאַיטוי פאַר
זיינע פּרייסישע נאַכלעס געווען אַ וואַסאַל פון דער פּוילישער-רעפּובליק.

אָבער די אויסגעשפּיצטע פּאַטריאָטן פאָדערן עלזאַס און די דייטשישע
לאָטאַרינגיע אַלס אַ „מאַטעריעלע גאַראַנטיע” קעגן פראַנצויזישע אָנפאַלן. אַזוי
ווי דערדאָזיקער שענדלעכער טערעך צעטומלט פילע שוואַכזיניקע מענטשן,
האַלטן מיר פאַר אונזער כויוו אויספירלעכער זיך אָפּצושטעלן אַף אים.

עס איז אָן שום צווייפל, אַז די אַלגעמיינע געאָגראַפישע לאַגע פון על-
זאַס און פון דעם אַנטקעגנדיקן ריין-ברעג און דאָס, וואָס אַ־ן האַלבן וועג
צווישן באַזעל און גערמערסהיים געפינט זיך אַזאַ גרויסע פעסטונג, ווי
סטראַסבורג, איז זייער גינסטיק פאַר אַ פראַנצויזישן אָנפאַל אַף דאָרעם-דייטש-
לאַנד, אין דער צייט ווען דאָס מאַכט שווער דעם אָנפאַל אַף פראַנקרייך פון
דאָרעם-דייטשלאַנד. עס איז ווייטער אָן שום צווייפל, אַז די אַנעקסיע פון עלזאַס
און פון דער דייטשישער לאָטאַרינגיע וואָלט שטאַרק פאַרפעקטיקט די גרעניצן
פון דאָרעם-דייטשלאַנד. זי וואָלט דעמאָלט געוואָרן דער באַלעבאָס איבערן
קאַם פון די וואָגעזער בערג אין זייער גאַנצער לענג און איבער די פעסטונגען,
וועלכע פאַרדעקן זייערע צאָפנדיקע דורכגענג. אויב מען וואָלט אויך אַנעק-
סירט געוואָרן, וואָלט פראַנקרייך גלייך פאַרלאָרן צוויי וויכטיקסטע אָפּעריר-
באַזעס קעגן דייטשלאַנד, דאָס וואָלט איר אָבער ניט געשטערט צו עפענען נייע
בא נאַנסי אָדער ווערדען. דייטשלאַנד פאַרמאָגט קאָבלענץ, מאַינץ, גערמערסהיים,
ראַשטאַט און אולם—אַלס אָפּעריר-באַזעס, וואָס זיינען געווענדעט קעגן פראַנק-
רייך, און וואָס דייטשלאַנד האָט זיי אויסגעצייכנט אויסגענוצט אין דער לעצ-
טער מילכאָמע. איז וואָס פאַר אַ שאָטן פון רעכט האָט זי מעקאַנע צו זיין
פראַנקרייך אין דעם, וואָס זי פאַרמאָגט מעץ און שטראַסבורג, אָט די איינציקע
צוויי באַדייטנדיקע פעסטונגען, וועלכע זי האָט אין יענעם געגנט.

אַכוץ דעם, שטעלט שטראַסבורג פאַר אַ געפאַר פאַר דאָרעם-דייטשלאַנד,
נאָר קאָלזמאַן די לעצטע איז אָן אָפּגעטיילטע מלוכע פון צאָפן-דייטשלאַנד.
פון 1792-טן ביז 1795-טן יאָר איז מען קיינמאָל ניט אָנגעפאַלן אַף דאָרעם-
דייטשלאַנד פון דער זייט, ווייל פּרייסן האָט זיך באַטייליקט אינם קריג קעגן
דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. ווי נאָר אָבער פּרייסן האָט אין 1795-טן יאָר
געשלאָסן אַ סעפּאַראַטן שאָלעם און האָט איבערגעלאָזן דאָרעם-דייטשלאַנד אַפן
אייגענעם באַראַט, האָבן זיך אָנגעהויבן אָנפאַלן אַף דאָרעם-דייטשלאַנד, וואָס
האָבן געדויערט ביז 1809-טן יאָר און שטראַסבורג איז געווען די אָפּעריר-באַ-
זע. אין טאָך גענומען, קאָן דייטשלאַנד מאַכן אומשעדלעך שטראַסבורג און יעדע
פראַנצויזישע אַרמיי אין עלזאַס, אויב זי וועט קאָנצענטרירן איר גאַנץ מילי-
טער צווישן סאַאַרלואי און לאַנדאַאו, ווי דאָס איז געווען אין דער איצטיקער

מילכאָמע, און וועט אַ רוק טאָן פאָרויס אָדער וועט אָנעמען אַ שלאַכט אַפן וועג פון מאַינץ קיין מעץ. קאָלזמאַן די הויפּט-מאַסע פונם דייטשישן מיליטער געפינט זיך דאָרט, שטייט פאַר יעדער אַרמיי, וואָס טרעט אַרויס פון שטראַסבורג קיין דאָרעם-דייטשלאַנד, די געפאַר, אַז מע וועט זי אַרומגיין און אָפּשניידן פון איר באַזע. אויב די לעצטע מיליטערישע קאַמפּאַניע האָט וואָס ס'ניט איז דערוויזן, איז טאַקע דאָס, אַז עס איז גרינג אָנצופאַלן אַף פראַנקרייך פון דייטשלאַנד.

נאָר, אויב מע זאָל ערלעך ריידן, צי איז עס דען ביכלאַל ניט קיין אומזיניקייט און אַנאַכראַניזם צו דערהויבן מיליטערישע מאָטיוון אין אַ פּרינציפּ, לויט וועלכן עס דאַרפן באַשטימט ווערן די נאַציאָנאַלע גרעניצן? אויב מע זאל גיין מיט דעם קלאַל, וואלט דאך עסטרייך געמעגט האבן פּרעטענזיעס אַף ווענעדיק און מינטשאָלינע, און פראַנקרייך אַף ריין-ליניע, קעדיי צו פאַרטיידיקן פּאַריז, אַף וועלכן עס איז אומבאַדינגט פיל גרינגער אנצופאַלן פון צאָפן-מיזרעך, איידער אַף בערלין פון דאָרעם-מאַירעוו. אויב די גרעניצן וואָלטן באַשטימט געוואָרן דורך מיליטערישע אינטערעסן, וואָלט קיינמאָל קיין סאָף ניט געקומען צו פּרעטענזיעס, ווייל יעדע מיליטערישע ליניע האָט אַלפּינויטיקייט אירע כעסרוינעס און קאָן אויסגעבעסערט ווערן דורך אַנעקסירן נייע געגנטן; און אכוץ דעם, וואָלטן די גרעניצן קיינמאָל ניט געקאָנט איינגעשטעלט ווערן איינמאָל פאר אלעמאָל און מיט יוישער, ווייל שטענדיק וואָלטן זיי מיט געוואלט איינגעשטעלט ווערן דורכן זיגער פארן באזיגטן, און, הייסט עס, אז אין דעם גופע וואָלט שוין געווען אן עמבריאָן פון א נייער מילכאָמע.

די גאנצע געשיכטע לערנט אונז, אז מיט גאנצע פעלקער פאסירט דאָס אייגענע, וואָס מיט איינצלנע מענטשן. קעדיי אָפּצונעמען בא זיי די מעגלעכקייט אָנצופאלן, דארף מען בא זיי אָפּנעמען אלע פארטיידיקונגס-מיטלען. מע דארף זיי ניט נאָר נעמען פארן גאָרגל, נאָר אויך אינגאנצן זיי טויטן. אויב א וועלכער ס'ניט איז זיגער פלעגט זיך דערשלאָגן „מאטעריעלע גאראנטיעס", קעדיי איינצוברעכן די קראפט פונם סוינע, איז דאָס געווען נאפּאלעאָן דער 1-טער מיט זיין טילזיטער אָפּמאך און מיט דעם, ווי אזוי ער האָט אים דורכגעפירט בענוגייע צו פּרייסן און דער איבעריקער דייטשלאנד, און פונדעסטוועגן איז אין עטלעכע יאָר ארום זיין קאָלאָסאלע מאכט צעבראָכן געוואָרן, ווי א צעפוילט ראָר-שטעקל פארן דייטשישן פאָלק. וואָס פאר א באטרעף האָבן די „מאטעריעלע גאראנטיעס", וואָס פּרייסן קאָן, אָדער דארף אין אירע ווילדסטע טרוימעריען דערשלאָגן זיך בא פראנקרייך אין פארגלייך מיט די, וואָס נאפּאלעאָן דער 1-טער האָט באקומען פון איר? די רעזולטאטן וועלן אויך דאָס מאָל זיין ניט וויניקער שעדלעכע. די געשיכטע וועט באלוינען ניט לויט דער צאָל אָפּגעריסענע פון פראַנקרייך קוואדראט-מיילן ערד, נאָר לויט דער גרויס פונם פארברעכן, וועלכער באשטייט אין דעם, וואָס אין דער צווייטער העלפט פונם 19-טן יאָרהונדערט רופט מען ווידער ארויס צום לעבן די פּאָליטיק פון עראָבערונגען.

די פּאַרטיידיקער פונם דייטשישן פּאַטריאָטיזם זאָגן אונז: איר דאַרפט אָבער ניט צונויפמישן די דייטשן מיט די פראַנצויזן, מיר ווילן ניט קיין רום, נאָר בלויז זיכערקייט. די דייטשן זיינען אין טאָך געווען א פאָלק, וואָס ליבט שאָלעם. אין זייער דורכגעטראַכטער פאַרטיידיקונג ווערט אַפילע די עראָבערונג פאַרוואַנדלט פון א סיבע פון א קומענדיקער מילכאָמע אין א מאשקן פון אייביקן שאָלעם. נאַטירלעך, איז דאָס געווען ניט דייטשלאַנד, וואָס איז אין 1792-טן יאָר איינגעפאַלן קיין פראַנקרייך מיטן דערהויבענעם ציל, צו דערשטיקן מיט דער הילף פון באַגנעטן די רעוואָלוציע פון 18-טן יאָרהונדערט! איז דאָס געווען ניט דייטשלאַנד, וואָס האָט פאַרשמוצט אירע הענט בא דער פאַרקנעכטונג פון איטאַליע, באַם דערשטיקן אונגאַרן און באַם צעברעקלען פוילן? איר איצטיקע מיליטאַריסטישע סיסטעם, וואָס טיילט איין די גאַנצע געזונטע מענער-באַפעלקערונג אין צוויי טיילן—אין א שטענדיקער אַרמיי, וואָס דינט, און א צווייטער שטענדיקער אַרמיי, וואָס געפינט זיך אין רעזערוו, דערביי זיינען ביידע גלייכמעסיק פאַרוטיילט אויף געהאָרכזאַם פאָלגן זייערע שעפן פון גאָטס כעסעד, — אָט די מיליטאַריסטישע סיסטעם איז, פאַרשטייט זיך, א „מאַטעריעלע גאַראַנטיע" פון אַלגעמיינעם שאָלעם און, אַכוץ דעם, דער העכסטער ציל פון דער ציוויליזאַציע! אין דייטשלאַנד פאַרסאַמען, ווי אומעטום, די רעגירנדיקע טעלער-לעקער די געזעלשאַפטלעכע מיינונג דורך ווייראַך און פאַלשער זעלבסטלויבונג.

זיי, אָט די דייטשישע פּאַטריאָטן, ווערן אַזוי ווי שרעקלעך אויפגערעגט פון די פראַנצויזישע פעסטונגען מעץ און סטראַסבורג, זיי זעען אָבער קיין שום אומרעכט ניט איין אין דער קאָלאָסאַלער סיסטעם פון די רוסישע פאַרפעסטיקונגען פון וואַרשע, מאָדלין און איוואַנגאָראָד. אין דער צייט, ווען זיי ציטערן פאַר די שרעקן פון באָנאַפּאַרטיסטישע אָנפאַלן, פאַרמאַכן זיי די אויגן אויף דער גאַנצער שאַנדע פון דער צאַרישער שוץ.

פונקט ווי אין 1865-טן יאָר האָבן לואי באָנאַפּאַרט און ביסמאַרק געגעבן איינער דעם אַנדערן באַשטימטע צוזאָגן, אַזוי איז דאָס אויך פאָרגעקומען אין 1870-טן יאָר צווישן גאָרטשאַקאָוון און ביסמאַרקן. פונקט ווי לואי נאַפּאָלעאָן האָט געהאַט אַ זיסע האָפענונג, אַז די מילכאָמע פון 1866-טן יאָר וועט אויסשעפּן די קויכעס סאַי פון עסטרייך און סאַי פון פּרייסן און וועט, אַדאַנק דעם, איבערגעבן אין זיינע הענט דעם גוירל פון דייטשלאַנד, אַזוי האָט זיך אויך אַלעקסאַנדער זיך איינגערעדט, אַז די מילכאָמע פון 1870-טן יאָר וועט אויסשעפּן די קויכעס סאַי פון פראַנקרייך און סאַי פון דייטשלאַנד און וועט איבערגעבן אין זיינע הענט דעם גוירל פון גאַנץ מאַירעוו-אייראָפּע. פונקט ווי די צווייטע אימפּעריע האָט געהאַלטן, אַז איר עקזיסטענץ איז אַן אוממעגלעכע זאַך, וויבאַלד עס עקזיסטירט דער צפון-דייטשישער בונד, אַזוי דאַרף די זעלבסטהערשנדיקע רוסלאַנד האַלטן, אַז פאַר איר שטעקט א געפאַר אין דער עקזיסטענץ פון אַ דייטשישער מלוכע מיט פּרייסן בעראָש. דאָס איז אַ געזעץ פון דער אַלטער פּאָליטישער סיסטעם. אין די ראַמען פון דער דאָזיקער סיסטעם איז דאָס, וואָס איינער געווינט, פאַרשפּילט דער צווייטער. די דאָמינירנדיקע

זוירקונג פונם צאַר אָף אייראָפּע האָט איר וואָרצל אין זיין טראַדיציאָנעלער אויבערהאַנט איבער דייטשלאַנד. אין דעם מאָמענט, ווען וואולקאַנישע סאָציאַלע קויכעס דראָען אויפצוטרייסלען די טיפסטע יעסוידעס פון דער זעלבסטהערשונג, צי קאָן אין אַזאַ מאָמענט דער צאַר דערלאָזן, עס זאָל אָפּגעשוואַכט ווערן זיין מאַכט אין אויסלאַנד? די מאָסקוואער צייטונגען האָבן שוין אָנגעהויבן שרייבן מיט דער זעלבער שפּראַך, אָף וועלכער עס האָבן געשריבן די באָנאַפּאַרטיסטישע צייטונגען נאָך דער מילכאָמע פון 1866-טן יאָר. צי דען גלויבן די גערמאַנאָפילן אָף אַן עמעס, אַז פאַר דייטשלאַנד וועט זיין געזיכערט פרייהייט פון שאָלעם, אויב זי וועט צווינגען פראַנקרייך אַ וואָרף צו טאָן זיך אין די אָרעמס פון רוסלאַנד? אויב דער גליק אין דער מילכאָמע, די גאַיווע מיט די ערפאָלגן פון דינאַסטישע אינטריגעס וועלן אַ שטויס טאָן דייטשלאַנד אָפן וועג פון אַנעקסירן פראַנצויזישע געגנטן, וועלן פאַר איר פאַרבלייבן בלויז צוויי וועגן: אָדער זי וועט מוזן ניט אַנדערש ווערן אַן אָפענער קנעכט פון דער רוסישער דעראָבערונגס-פּאָליטיק, אָדער זי וועט זיך מוזן נאָך אַ קורצן אָפּרו אָנהויבן גרייטן צו אַ נייעם „פאַרטיידיקונגס"-קריג, — ניט צו איינער פון די אַזוי-גערופענע „לאָקאַליזירטע" מילכאָמעס, נאָר צו אַ ראַסן-מילכאָמע קעגן די פאַראייניקטע סלאַווישע און ראָמאַנישע ראַסן.

דער דייטשישער אַרבעטער-קלאַס האָט ענערגיש געשטיצט די מילכאָמע, וואָס שטערן איר איז ער ניט געווען בעקויעך, אַלס אַ מילכאָמע פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון דייטשלאַנד און פאַר דער באַפרייאונג פון דייטשלאַנד און אייראָפּע פונם שטיקנדיקן יאָך פון דער צווייטער אימפּעריע. די דייטשישע אינדוסטריעלע אַרבעטער האָבן צוזאַמען מיט די לאַנד-אַרבעטער געבילדעט דעם גרונט-קערן פון דער העלדישער אַרמיי, אין דער צייט ווען אין דער היים זיינען פאַרבליבן זייערע האַלב-הונגעריקע פאַמיליעס. גענוג זיינען זיי אויסגעשטאַנען בעאייס די שלאַכטן אין אויסלאַנד און נאָך גענוג צאָרעס וועלן זיי האָבן אויסצושטיין אין דער היים, פון דאַלעס. און זיי פאָדערן איצט, פון זייער זייט, „גאראַנטיעס", גאַראַנטיעס, אַז ניט אומזיסט האָבן זיי געבראַכט אַזוי פיל קאָרבאָנעס, אַז זיי האָבן ווירקלעך דעראָבערט פרייהייט, אַז די זיגן, וואָס זיי האָבן אָפּגעהאַלטן איבער די באָנאַפּאַרטיסטישע אַרמייען, וועלן ניט פאַרוואַנדלט ווערן, ווי אין 1815-טן יאָר, אין אַ מאַפּאָלע פונם דייטשישן פאָלק. און אַלס די ערשטע פון דידאָזיקע גאַראַנטיעס פאָדערן זיי אַן „ערנפולן שאָלעם פאַר פראַנקרייך" און „די אַנערקענונג פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק".

דער צענטראַל-קאָמיטעט פון דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי האָט דעם 5-טן אָקטיאַבר פאַרעפנטלעכט אַ מאַניפעסט, אין וועלכן ער האָט ענערגיש געפאָדערט דידאָזיקע גאַראַנטיעס. „מיר פּראָטעסטירן, איז געזאָגט געוואָרן אינם מאַניפעסט, קעגן דער אַנעקסיע פון עלזאַס-לאָטארינגיע, און מיר האָבן דעם באַוואוסטזיין, אַז מיר ריידן אין נאָמען פונם דייטשישן אַרבעטער-קלאַס. צוליב די געמיינזאַמע אינטערעסן פון פראַנקרייך און דייטשלאַנד, צוליב די אינטערעסן פון שאָלעם און פרייהייט, צוליב די

אינטערעסן פון דער מאַירעוו־אײראָפּעאישער ציוויליזאַציע קעגן דעם מיזרעכ־דיקן באַרבאַריזם, וועלן די דייטשישע אַרבעטער ניט אַריבערטראָגן רואיק די אַנעקסיע פון עלזאַס־לאָטאַרינגיע... מיר וועלן שטיין געטריי, אײנייעם מיט אונזערע כאַווײרים אַרבעטער פון אַלע לענדער, פאַר דער געמײנזאַמער אינטערנאַציאָנאַלער זאַך פונם פּראָלעטאַריאַט״!

צום אומגליק, קאָנען מיר ניט האָפן אַף זײער דירעקטן דערפאָלג. אויב די פראַנצויזישע אַרבעטער האָבן ניט געקאָנט פאַרהאַלטן דעם אָנפאַלנדיקן צאַד אין שאָלעם־צייט, איז האָבן דען די דייטשישע אַרבעטער מער שאַנסן צו פאַרהאַלטן דעם זיגער אין סאַמע ברען, ווען דער געוועער קלינגט? דער מאַניפעסט פון די דייטשישע אַרבעטער פאָדערט, אז לואי באָנאַפּאַרט זאָל אַלס געוויינלעכער פאַרברעכער, איבערגעגעבן ווערן אין די הענט פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק. און זייערע הערשער קריכן פון הויט, קעדיי אוועקזעצן אים צוריק אַפן טראָן אין טוליערי־פּאַלאַץ, אַלס דעם פּאַסיקסטן מענטשן אַף כאָרעוו צו מאַכן פראַנקרייך. ווי די מאַיסע זאָל ניט זיין, נאָר די געשיכטע וועט באַווייזן, אַז די דייטשישע אַרבעטער זיינען ניט געמאכט געוואָרן פון דעמזעלבן בויגעוודיקן מאַטעריאַל, ווי דער דייטשישער מיטל־קלאַס. זיי וועלן אויספירן זייער כויוו.

צוזאַמען מיט זיי באַגריסן מיר די גרינדונג פון אַ רעפּובליק אין פראַנקרייך, אָבער אין דערזעלבער צייט זיינען מיר פול מיט זאָרגן, וועלכע, לאָמיר האָפן, וועלן זיך אַרויסווייזן פאַר באָדגלאָזיקע. דידאָזיקע רעפּובליק האָט ניט אומגעשטירצט דעם טראָן, זי האָט בלויז פאַרנומען דאָס פוסטע ארט, וואָס ער האָט איבערגעלאָזן. זי איז פּ־אָקלאַמירט געוואָרן ניט אַלס סאָציאַלע דעראָבערונג, נאָר אלס נאַציאָנאַל מיטל פון זעלבסט־שוץ. זי געפינט זיך אין די הענט פון אַ צייטווייליקער רעגירונג, וואָס באַשטייט טיילווייז פון אויסגעשפראָכענע אָרלעאַניסטן, טיילווייז פון בורזשואַ־רעפּובליקאַנער, וואָס אַף אייניקע פון זיי האָט דער יוני־אויפשטאַנד פון 1848־טן יאָר איבערגעלאָזט אַן אומאָפּוואַשבאַרן פלעק. די אַרבעטס־צעטיילונג צווישן די מיטגלידער פון דערדאָזיקער רעגירונג זאָגט צו ווייניק וואָס גוטס. די אָרלעאַניסטן האָבן פארנומען די שטאַרקסטע פּאזיציעס — די ארמיי און די פּאָליציי, — אין דער צייט ווען די לעפּאנימדיקע רעפּובליקאַנער האָט מען אָפּגעגעבן די פּלאַפּלעריי־פּאָסטנס. אייניקע פון די ערשטע שריט פון דערדאָזיקער רעגירונג באַווייזן גענוג קלאָר, אז זי האָט געיאַרשנט פון דער אימפּעריע ניט נאָר א הויפן כורוועס, נאָר אויך די מוירע פאַרן אַרבעטער־קלאַס. אויב איצט זאָגן זיי צו מיט אַ פולן מויל אין נאָמען פון דער רעפּובליק אומעגלעכע זאַכן, איז צי ווערט דאָס ניט געטאָן, קעדיי אַרויסצורופן אַ שטראָם לעטויוועס א „מעגלעכער״ רעגירונג? צי איז ניט די רעפּובליק אין די אויגן פון די בורזשואַ, וואָס וואָלטן גערן געוואָרן אירע קוואָרעס־לייט, בלויז א איבערגאַנגס־שטופּע צו אַן אָרלעאַניסטישער רעסטאווראציע?

אף אזא אויפן, געפינט זיך דער פראַנצויזישער אַרבעטער־קלאַס אין אַן אויסערסט שווערער לאַגע. יעדער פרואוו אומצושטירצן די נייע רעפּובליק, אין

דער צייט ווען דער סוינע קלאפּט שוין קימאט אין די טויערן פון פּאַריז, וואָלט געווען א פארצווייפלונגס-אומזין. די פראַנצויזישע ארבעטער מוזן אויס-פירן זייער כויוו, אלס בירגער. זיי טאָרן אָבער ניט דערלאָזן, זיי זאָלן באהערשט ווערן דורך די נאציאָנאלע זיכרוינעס פון 1792-טן יאָר, ווי די פראנצויזישע פויערים האָבן זיך געלאָזט אָפּנאַרן דורך די נאציאָנאלע זיכרוי-נעס פון דער ערשטער אימפעריע. זיי דארפן ניט איבערכאַזערן די פארגאנגענ-הייט, נאָר אויסבויען די צוקונפט. זאָלן זיי רואיק און אנטשלאָסן אויכנוצן די מיטלען, וועלכע עס גיט זיי די רעפּובליקאנישע פרייהייט, קעדיי גרונטלעך צו פּאַרפעכטיקן די אָרגאניזאציע פון זייער אייגענעם קלאס. דאָס וועט זיי געבן נייע הערקולעס-קייכעס צו קעמפן פאר דער ווידעראויפלעבונג פון פראנקרייך און פאר אונזער געמיינזאמער אויפגאבע — פאר דער באפרייאונג פונם פּראָלעטאַריאט. פון זייער קראפט און קלוגשאפט הענגט אָפּ דער גוירל פון דער רעפּובליק.

די ענגלישע ארבעטער האָבן שוין געמאכט אייניקע שריט, קעדיי דורך א געזונטן דרוק פון דרויסן איינצוברעכן דעם ווידערשטאנד פון זייער רעגי-רונג צו אנערקענען די פראנצויזישע רעפּובליק. מיט דעם, וואָס זי ציט איצט אזוי אָפּ, וויל, אפּאָנים, די ענגלישע רעגירונג פארגלעטן דעם אנטי-יאקאָבינער קריג פון 1792-טן יאר און די ניט אָנשטענדיקע איילעניש, מיט וועלכער זי האָט אנערקענט די מלוכע-איבערקערעניש (פון נאפּאָלעאָנען). די ענגלישע ארבעטער פּאָדערן, אכוץ דעם, פון זייער רעגירונג, זי זאָל מיט אלע קויכעס ארויסטרעטן קעגן דער צעברעקלונג פון פראנקרייך, וואָס עס פּאָדערט גענוג אומפארשעמט א טייל פון דער ענגלישער פּרעסע. דאָס איז די זעלבע פּרעסע, וואָס פארגעטערט אין מעשעך פון 20 יאָר לואי באנאפּאַרטן, אלס דעם אוי-בערשטנס האשגאָכע איבער אייראָפּע, און וואָס האָט מיט היספּאַילעס אפּלאדירט דעם בונט פון די אמעריקאנישע קנעכט-אייגנטימער. איצט ארבעט זי, ווי פריער, לעטויוועס די קנעכט-אייגנטימער.

זאָלן די סעקציעס פון דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער-אסאָציאציע אין אלע לענדער רופן דעם ארבעטער-קלאס צו א טעטיקער ארויסטרעטונג. אויב די ארבעטער וועלן פארגעסן זייער כויוו, אויב זיי וועלן בלייבן פּאסיוו, וועט דער איצטיקער שרעקלעכער קריג זיין בלויז א פּאָרגייער פון נאָך מער שרעקלעכע צווישנפעלקערלעכע מילכאָמעס און וועט אין יעדן לאנד ברענגען צו נייע מאפּאָלעס פון די ארבעטער אונטער די קלעפּ פון די הערן פון שווערד, פון ערדבאזיץ און קאַפּיטאַל.

זאָל לעבן די רעפּובליק!

לאָנדאָן, דעם 9-טן סעפּטיאבר פון 1870-טן יאָר.

# אויפרוף פונם גענעראַל־ראַט וועגן דעם בירגער־קריג אין פראַנקרייך אין 1871־טן יאָר.

## I

דעם 4-טן סעפּטעמבער פון 1870-טן יאָר, ווען די פּאַריזער אַרבעטער האָבן פּראָקלאַמירט די רעפּובליק, וועלכע איז קימאַט אין דעמזעלבן מאָמענט איינשטימיק מיט היספּאַילעס באַגריסט געוואָרן דורך גאַנץ פראַנקרייך, האָט אַ באַנדע ערנגייציקע אַדוואָקאַטן, מיט טיערן, אַלס מלוכע-מוער, און טראָשיו, אַלס גענעראַל, פאַרכאַפּט דעם האָטעל דע וויל (דאָס שטאָטישע ראַט-הויז). די־דאָזיקע לייט זיינען דעמאָלט געווען אַף אַזוי פיל דורכגעדרונגען מיטן פאַנאַטישן גלויבן אין דעם, אַז פּאַריז איז באַרופן צו זיין אין אַלע עפּאָכעס פון היסטאָרישע קריזיסן דער פאָרשטייער פון גאַנץ פראַנקרייך, אַז כּדי צו באַרעכטיקן אוזורפּירטע טיטלען פון רעגירער פון פראַנקרייך, האָבן זיי געהאַלטן פאַר גענוג צו דערלאַנגען זייערע שוין אויסגעגאַנגענע מאַנדאַטן, אַז זיי זיינען דעפּוטאַטן פון פּאַריז.

אין אונזער צווייטן אויפרוף וועגן דעם לעצטן קריג, אין פינף טעג אַרום, נאָכדעם ווי די באַוועגונג האָט אויפגעהויבן אין דער הויך די־דאָזיקע לייט, האָבן מיר שוין אייך דערקלערט, ווער זיי זיינען. אָבער פּאַריז. פאַר וועלכן דאָס איז אַלץ געקומען גאָר אומגעריכטערהייט, אין דער צייט ווען די עמעסע אַרבעטער-פירער זיינען נאָך געזעסן אין די באָנאַפּאַרטיסטישע טירמעס, און די פּרייסן האָבן שוין אין אַ גיכן טעמפּ מאַרשירט אף פּאַריז, האָט זיי פּאַריז דערלויבט צו פאַרכאַפּן די מלוכע-מאַכט, ער האָט דאָס אָבער דערלויבט מיט דער אויסדריקלעכער באַדינגונג, אַז די־דאָזיקע מלוכע-מאַכט וועט אויסשליסלעך דינען די צילן פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג. פּאַריז האָט מען אָבער ניט געקענט פאַרטיידיקן, אויב מע זאָל ניט באַוואָפענען זיינע אַרבעטער, שאַפן פון זיי אַ ווירקלעכע מיליטערישע קראַפט און אויסלערנען זיי די מיליטערישע קונסט אַף דער מילכאָמע גופא. אָבער באַוואָפענען פּאַריז האָט געהייסן באַוואָפענען די רעוואָלוציע. אַ זיג פון פּאַריז איבער דעם פּרייסישן אָנפאַלער וואָלט געווען אַ זיג פונם פראַנצויזישן אַרבעטער איבער דעם פראַנצויזישן קאַפּיטאַליסט און זיינע מלוכישע פּאַראַזיטן. זייענדיק געצוואונגען אויסצוקלייבן צווישן נאַציאָנאַלן כויוו און קלאַסן-אינטערעסן, האָט די רעגירונג פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג קיין איין רעגע זיך ניט געוואַקלט, — זי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רעגירונג פון נאַציאָנאַלן פאַראַט.

דאָס ערשטע, וואָס זי האָט אויפגעטאָן, איז געווען דאָס, וואָס זי האָט געשיקט טיערן וואַנדערן איבער אַלע אייראָפּעאישע הויפן. וואו ער האָט געדאַרפט בעטלען פאַרמיטלונג, צוזאָגנדיק דערפאַר אויכצובייטן די רעפּובליק אַף א קעניג. אין פיר כאדאָשים אַרום נאָכן אָנהויב פון דער באַלאַגערונג, ווען עס האָט זיך געדוכט, אז עס איז געקומען דער מאָמענט אַף אַרויסצוזאָגן דאָס ערשטע וואָרט וועגן קאַפּיטולירונג, האָט טראַשיו, אין דער אָנוועזנהייט פון זשיול פאַוור און אַנדערע מיטגלידער פון דער רעגירונג, זיך געווענדעט צו די פאַרזאַמלטע פאַריזער מערן מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„די ערשטע פראַגע, וואָס עס האָבן מיר געשטעלט מיינע כאַווײרים נאָך דעמזעלבן אָוונט פון 4-טן סעפּטעמבער, איז געווען פאָלגנדיקע: צי האָט פאַריז וועלכע ס'נים איז שאַנסן אויסצוהאַלטן מיט דערפאָלג די באַלאַגערונג פון דער פּרייסישער אַרמיי? איך האָב גלייך געענטפערט, אז ניט. פילע פון מיינע כאַווײרים, וואָס זיינען איצט פאַראַן דאָ, וועלן אייך באַשטעטיקן די ריכטיקייט פון מיינע רייד און וועלן אייך זאָגן, אַז איך האָב זיך שטענדיק געהאַלטן בא דערדאָזיקער מיינונג. איך האָב זיי געזאָגט פונקט דאָסזעלבע, וואָס איך זאָג איצט, בא דער איצטיקער זאַכלאַגע: אז דער פּרואוו איינצוהאַלטן פאַריז קעגן דער פּרייסישער באַלאַגערונג איז אַן אומזין, אַ העלדישער אומזין, אָן ספק, האָב איך ציגעגעבן, אָבער דאָך ניט מער, ווי אַן אומזין. „די געשעענישן (וואָס ער אַליין האָט מיט זיי אָנגעפירט), האָבן באַרעכטיקט מיינע פאָרויסזאָגונגען". אָט די טראָשיוס שייניקע קליינע רעדע איז שפּעטער פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך איינעם פון די אָנוועזנדיקע מערן, דעם הערן קאָרבאָן.

איז, הייסט עס, אין אָוונט פונם זעלבן טאָג, ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די רעפּובליק, האָבן טראָשיוס כאַווײרים געוואוסט, אַז טראַשיוס מאַפּאָלן באַשטייט אין דער קאַפּיטולירונג פון פאַריז. אויב די נאַציאָנאַלע פאַרטיידיקונג וואָלט געווען עפּעס מער, איידער בלויז אַן אויסרייד פאַר דער פּערזענלעכער הערשאַפט פון טיערן, פאַוורען וועכאַווראיע, וואָלטן די פאַרוועניוס (אויפגעקומענע) פון 4-טן סעפּטעמבער דעם 5-טן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער מאַכט, וואָלטן זיי מיטגעטיילט דער פאַריזער באַפעלקערונג טראַשיוס „פּלאַן" און וואָלטן איר פאָרגעלייגט אָדער גלייך צו קאַפּיטולירן אָדער צו נעמען איר גורל אין די אייגענע הענט. אנשטאָט דעם, האָבן אָט די ערנלאָזע אָפּנאַרער באַשלאָסן, אַז עס איז מער קעדאַי צו היילן פאַריז פון זיין „העלדישן אומזין" דורך הונגער און בלוט, און דערווײַלע וואָס האָבן זיי אים געפירט פאַר דער נאָז דורך מלוכעדיקע מאַניפעסטן. ווי א שטייגער: „טראַשיו, דער גובערנאַטאָר פון פאַריז, וועט קיינמאָל ניט קאַפּיטולירן", און זשיול פאַוור, דער מיניסטער פאַר אויסערלעכע איניאָנים, „וועט קיינמאָל ניט אָפּגעבן קיין איין שפּאַן פון אונזער ערד און קיין איין שטיין פון אונזערע פעסטונגען". און אין בריוו צו גאַמבעטאַ איז זיך דערזעלבער זשיול פאַוור מוידע, אַז זיי „פאַרטיידיקן" זיך ניט קעגן די פּרייסישע סאָלדאַטן, נאָר קעגן די פ א ר י ז ע ר' א ר ב ע ט ע ר. די גאַנצע צייט פון דער באַלאַגערונג האָבן די באָנאַפּאַרטיסטישע קאָפּ-שניידער, וואָס אין זייערע הענט האָט טראַשיו קלוג איבערגעגעבן די קאָמאַנדירונג

איבער דער פאַריזער אַרמיי, אין זייער פּריוואַטער קאָרעספּאָנדענץ כוצפּעדיק
כויזעק-געמאַכט איבער דער קלוימערשטער פאַרטיידיקונג, וואָס איר סאָד האָבן
זיי אויסגעצייכנט געוואוסט. עס איז גענוג, לעמאָשל, דורכצוקוקן די קאָרע-
ספּאָנדענץ צווישן אַלפאָנס סימאָן גיאַ, דעם הויפּט-קאָמאַנדיר איבער דער אַר-
טילעריע פון דער פאַריזער אַרמיי, א קאַוואַלער פונם ערן-לעגיאָן, און סיוזאַן,
א דיוויזיע-גענעראַל פון אַרטילעריע, די קאָרעספּאָנדענץ, וועלכע איז פאַרעפנ-
טלעכט געוואָרן דורך דער קאָמונע. לעסאָף, דעם 28-טן יאַנוואַר פון 1871-טן
יאָר האָבן זיי אָראָפּגענומען דעם שלייער. די רעגירונג פון נאַציאָנאַלער פאַר-
טיידיקונג איז אין דער זאַך פון דער קאַפּיטולאַציע פון פּאַריז אַרויסגעטראָטן
מיטן גאַנצן העלדנמוט פון טיפסטער זעלבסט-זידערנידערונג, זי איז אַרויסגע-
טראָטן, אַלס א רעגירונג פון פראַנקרייך, וואָס באַשטייט פון
ביסמאַרקס געפאַנגענע — אַזאַ שענדלעכע ראָלע, וואָס אַפילע לואי
נאַפּאָלעאָן אין סעדאַן האָט זי ניט געוואָלט נעמען אויף זיך. נאָכן 18-טן מאַרט,
ווען זיי האָבן זיך דורך פליטע געראַטעוועט קיין ווערסאַל, האָבן די „קאַפּי-
טוליאַנטן" איבערגעלאָזן אין טומל אין פּאַריז, דאָקומענטאַלע באַווייזן פון זייער
פאַראַט. קעדיי צו פאַרניכטן זיי, האָט די קאָמונע געשריבן אין איינעם פון
אירע מאַניפעסטן צו די פּראָווינצן, „וואָלטן זיך דידאָזיקע לייט ניט דערשראָקן
פאַר פאַרוואַנדלען פּאַריז אין אַ הויפן כורוועס, פאַרפלייצט דורך א יאַם
פון בלוט".

אָבער קעדיי צו פירן צו אַזאַ אויסגאַנג, האָבן פילע פון די הויפּט-
מיטגלידער פון דער פאַרטיידיקונגס-רעגירונג געהאַט, א כוץ דעם, נאָך אויך
פּערזענלעכע מאָטיוון.

אינגיכן נאָכדעם, ווי עס איז געשלאָסן געוואָרן דער וואָפנשטילשטאַנד,
האָט מיליער, דער פאַריזער דעפּוטאַט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג,
וועלכער איז שוין איצט דערשאָסן געוואָרן לויט אַ ספּעציעלן באַפעל פון
זשיול פאַוור, פאַרעפנטלעכט אַ ריי עכטע יורידישע דאָקומענטן, וועלכע דער-
ווייזן, אַז זשיול פאַוור האָט געלעבט מיט דער פרוי פון איינעם אַ דורכגע-
טריבענעם כעוורעמאַן, וואָס געפינט זיך אין אַלזשיר, און האָט מיט דער הילף
פון א גאַנצער ריי פעלשונגען, וועלכע ער איז באַגאַנגען אין מעשעך פון
עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד אין נאָמען פון זיינע ניט אין געזעץ געבאָרענע קינ-
דער, פאַרכאַפּט א גרויסע יערושע, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר אַ רייכן
מענטשן; זיי דערווייזן ווייטער, אַז אינם געריכטס-פּראָצעס, וועלכן עס האָט
געפירט מיט אים איינער פון די געזעצלעכע יאָרשים, האָט מען אים ניט גע-
כאַפּט בא דער האַנט, בלויז אַדאַנק דער באַזונדערער לייטזעליקייט פון די
באָנאַפּאַרטיסטישע ריכטער. אַזוי ווי קעגן דידאָזיקע טרוקענע יורידישע דאָקו-
מענטן איז גאָרניט געווען צו מאַכן, און עס האָט ניט געקענט העלפן קיין
שום, אַפילע די גרעסטע רעדנער-קונסט, האָט זשיול פאַוור געהאַלטן פאַר
נויטיק, דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, ניט צו עפענען קיין מויל, אויס-
וואַרטנדיק, ביז עס וועט אויסברעכן דער בירגער-קריג, קעדיי דעמאָלט צו

זידלען די פּאַריזער באַפעלקערונג, ווי א באַנדע אנטלאָפענע קאַטאָרושאַנער, וואָס זיינען כוצפּעדיק אויפגעשטאַנען קעגן פאַמיליע, רעליגיע, אָרדענונג און אייגנטום. און אָט דערזעלבער דאָקומענטן-פעלשער האָט גלייך נאָכן 4-טן סענטיאַבר, ווי נאָר ער איז געקומען צו דער מאכט, צוליב ברודער-געפיל באַפרייט פון טפיסע פּיקן און טאַליעפערן, צוויי כעוורע-לייט, וואָס זיינען פאַרורטיילט געוואָרן אַפילע אין די צייטן פון אימפּעריע פאַר פעלשונגען, באַ דער סקאַנדאַליעזער געשיכטע מיט דער צייטונג "L'Etendard". איינער פון די דאָזיקע בעקאַוועדיקע הערן, טאַליעפער, איז געווען אַף אזוי פיל כוצפּעדיק, אַז ער האָט זיך אומגעקערט קיין פּאַריז אין דער צייט פון דער קאָמונע, אָבער זי האָט אים גלייך ארייגעזעצט אין טפיסע; און נאָכדעם האָט זשיול פאַוור דערקלערט פאַר דער גאַנצער וועלט פון דער טריבונע פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, אַז די פּאַריזער איינוואוינער האָבן באַפרייט אַלע קאַטאָרושאַנעס.

ערנעסט פּיקאַר—דער קאַרל פאָגט פון דער רעגירונג פון נאציאָנאַלער פּאַרטיידיקונג, — וואָס האָט זיך אליין געמאַכט פאַר אַ מיניסטער פאַר אינערלעכע איניאָנים פון דער רעפּובליק, נאָך די אומזיסטע פּרואוון צו ווערן אַ מיניסטער פאַר אינערלעכע איניאָנים פון דער אימפּעריע, איז א ברודער פון איינעם ארטור פּיקאַר, וואָס איז פאַר שווינדלערייען ארויסגעטריבן געוואָרן פון דער פּאַריזער בירזשע (באַריכט פון דער פּאַריזער פּאָליציי-פּרעפעקטור פון 13-טן יולי פון 1867-טן יאָר), און וואָס איז אויפגעדעקט געוואָרן, אַפן סמאך פון זיין אייגענער אַנערקענונג, אין גאַנוועגען 300 טויזנט פראַנק. די גנייווע איז ער באַגאַנגען, בעאייס ער איז געווען דיקטאַטאָר פון דער פיליאַלער אָפּטיילונג פון דער געזעלשאַפט „Société generale", Rue Palestro № 5. (באַריכט פון דער פּאַריזער פּאָליציי-פּרעפעקטור פון 11-טן דעקאַבר 1868-טן יאָר), און דעם ארטור פּיקאַרן האָט ערנעסט פּיקאַר באַשטימט פאַר א רעדאַקטאָר פון זיין צייטונג „L'Electeur libre" („פריייער וויילער"). די אָפּיציעלע ליגנס פון דער דאָזיקער מיניסטערישער צייטונג פלעגן אָפּנאַרן די געוויינלעכע בירזשע-ספּעקוליאַנטן, און ארטור פּיקאַר פלעגט אָן אַן אויפהער אַרומלויפן פון דער בירזשע אין מיניסטעריום, פון מיניסטעריום אַף דער בירזשע, און פלעגט אָפּלעקן א פעט ביינדל בא דער מאַפּאָלע פון די פראַנצויזישע ארמייען. די גאַנצע געשעפטס-קאָרעספּאָנדענץ פון אָט די ביידע וואוילע ברידער איז אַריינגעפאלן אין די הענט פון דער קאָמונע.

זשיול פערי, וואָס איז ביזן 4-טן סענטיאַבר געווען אַן אָרימער אַדוואָקאַט, האָט בעאייס דער באלאַגערונג, ווען ער איז געווען דער מער פון פּאַריז, אָנגעזאמלט א פאַרמעגן אַפן כעשבן פונעם הונגער פון דער הויפּט-שטאָט. דער טאָג, ווען ער וועט דאַרפן אָפּגעבן א דינוועכעשבן אין זיין פאַרוואַלטונג, וועט אויך זיין דער טאָג, ווען ער וועט פאַרורטיילט ווערן.

אַזעלכע לייט האָבן געקענט באַקומען זייערע tickets-of-leave [1] נאָר אָף די כורוועס פון פאַריז; זיי זיינען גראָד געווען די מענטשן, אין וועלכע ביסמאַרק האָט זיך געניטיקט. די קאַרטן זיינען עכוואַס איבערגעטאַשט געוואָרן, און טיער, וואָס איז ביז דעמאָלט געווען דער געהיימער אָנפירער פון דער רעגירונג, האָט זיך מיטאַמאָל געשטעלט בעראָש פון איר. און די tickets-of-leave לייט זיינען געוואָרן מיניסטאָרן.

טיער, אָט דער קאַרליק-פאַרזעעניש, האָט אין מעשך פון מער פון אַ האַלב הונדערט יאָרן באַצויבערט די פראַנצויזישע בורזשואַזיע, ווייל ער איז געווען דער פולקומער גייסטיקער אויסדריק פון איר אייגענער קלאַסן-פאַרדאַרבנקייט. נאָך איידער ער איז געוואָרן אַ מלוכה-טוער, האָט ער שוין דערוויזן זיין קונסט צו זאָגן ליגנס, אַלס געשיכטע-שרייבער. די כראָניק פון זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט איז די געשיכטע פון פראַנקרייכס אומגליקן. זייענדיק ביזן 1830-טן יאָר פאַרבונדן מיט די רעפובליקאַנער, האָט ער אין לואי פיליפס צייטן באַקומען אַ מיניסטער-שטעלע, דורך פאַראַטן זיין באַשיצער לאַפיטן. צום קעניג האָט ער זיך אונטערגעכאַפּעט דורך אויפהעצן דעם האַמוין קעגן די גייסטלעכע, וואָס די ראַזקע העצערייַ האָט געפירט צום צעגראַמירן דעם קלויסטער סען-זשערמען ל'אָקסערואַ און אַרכיבישעפלעכן פאַלאַץ, און דורך זיינע באַציאונגען צו דער הערצאָגין פאַן בערי, וועלכער ער האָט גלייכצייטיק געדינט אַלס מיניסטער-שפּיאָן און אַלט טפיסע-אַקושער. זיין אויפטו איז דאָס געווען די שכיטע פון די רעפובליקאַנער אָף דער גאַס טראַנסנאַנען, זיינען אויפטו זיינען דאָס געווען די שענדלעכע סעפּטעמבער-געזעצן קעגן דער פרעסע און פאַרזאַמלונגען, וואָס זיינען געקומען נאָכדעם. אין 1840-טן יאָר, ווען ער איז ווידער אַרויסגעטראָטן אָף דער סצענע אַלס מיניסטער-פּרעזידענט, האָט ער פאַרוואונדערט פראַנקרייך מיט זיין פּלאַן צו באַפעסטיקן פאַריז. די רעפובליקאַנער, וואָס האָבן געהאַלטן דעם דאָזיקן פּלאַן פאַר אַ פאַרשווערונג קעגן דער פרייהייט פון פאַריז, האָט ער געענטפערט אין פאַרלאַמענט:

„ווי? איר האַלט, אַז באַפעסטיקונגען קאָנען פאַרשטערן מיט זיך אַ געפאַר פאַר דער פרייהייט? איר טראַכט אויס בילבולים, אויב איר דערלאָזט, אַז אַ וועלכע ס'ניט איז רעגירונג וועט זיך ווען ס'ניט איז פּרוּוון באָמבאַרדירן פאַריז, כדי איינצוהאַלטן זיך בא דער מאַכט... אַזאַ רעגירונג וואָלט נאָכן זיג געוואָרן הונדערט מאָל אוממעגלעכער, ווי פאַר אים". און טאַקע, קיין איין רעגירונג וואָלט קיינמאָל ניט געוואָגט צו באָמבאַרדירן פאַריז פון די פאָרטן, אַחוץ דער רעגירונג, וועלכע האָט פאַר דעם אַרויסגעגעבן די דאָזיקע פאָרטן די פּרייסן.

---

1) אין ענגלאַנד גיט מען אָפט די פאַרברעכער, וועלכע זיינען שוין אָפּגעקומען דעם גרעסטן טייל פון זייער שטראָף, אורלויב-שיינען, מיט וועלכע מע לאָזט זיי אַרויס אָף דער פרייהייט. נאָר זיי דאַרפן זיך געפינען אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי. אַזעלכע שיינען הייסן tickets-of-leave, און די מענטשן, וואָס האָבן אַזעלכע שיינען, הייסן tickets-of-leave-men.

ווען אין יאַנוואַר פון 1848-טן יאָר האָט זיך דער קעניג-באָמבע פאַרמאַסטן אַף פּאַלערמאָ, האָט טיער, וואָס איז שוין דעמאָלט לאַנג ניט געווען קיין מיניסטער, געהאַלטן אַזאַ מין רעדע אין פּאַרלאַמענט: „איר ווייסט, מיינע הערן, וואָס עס קומט פאָר אין פּאַלערמאָ. איר ווערט אַלע אויפגעציטערט (אין פּאַרלאַמענטישן זינען פונם וואָרט) באַ דער ידיעה, אַז אַ גרויסע שטאָט איז באָמבאַרדירט געוואָרן אין משך פון 48 שעה—און דורך וועמען? דורך א פרעמדן סוינע, וואָס באַנוצט זיך מיטן רעכט פון מילכאָמע? ניין, מיינע הערן, דורך איר אייגענער רעגירונג. און פאַרוואָס? ווייל די דאָזיקע אומגליקלעכע שטאָט האָט געפאָדערט אירע רעכט. און פאַר דער פאָדערונג פון אירע רעכט איז זי באָמבאַרדירט געוואָרן אין משך פון 48 שעה... דערלויבט מיר צו אַפּעלירן צו דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג פון אייראָפּע. איך מיין, אַז דאָס וועט זיין א פאַרדינסט פאַר דער מענטשהייט, ווען מע וועט פון דער גרעסטער, עפשער, טריבונע פון אייראָפּע אַרויסזאָגן אין עטלעכע ווערטער (יאָ, טאַקע ווערטער) די אויפרעגונג קעגן אַזעלכע מאַיסים. ווען דער רעגענט עספּאַרטערא, וואָס האָט געהאַט געוויסע פאַרדינסטן פאַר זיין פאָטערלאַנד (און דאָס איז געווען מער, איידער טיער האָט ווען ס'ניט איז אויפגעטאָן), האָט פאַרטראַכט צו באָמבאַרדירן באַרסעלאָנע, קעדיי צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד, וואָס איז דאָרט אויסגעבראָכן, האָט זיך פון אַלע עקן וועלט אויפגעהויבן א געשריי פון אויפרעגונג”.

אין אָנדערהאַלבן יאָר אַרום געפינען מיר שוין טיערן צווישן די פאַרביסנסטע אָנהענגער פון באָמבאַרדירן רוים דורך דער פראַנצויזישער אַרמיי און, אפּאָנים, אַז דער טאָעס פונם קעניג-באָמבע איז באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס ער האָט זיך באַנוגנט מיט אַן 48-שעהאיקער באָמבאַרדירונג.

מיט עטלעכע טעג פאַר דער פעווראַל-רעוואָלוציע, מאַרעשכוירעדיק געשטימט צוליב דעם, וואָס, אַדאַנק גיזאָ, איז ער אַריינגעפאַלן אין דער לאַגע פון א מענטשן, באַ וועלכן מע האָט שוין לאַנג אַפּגענומען זיין שטעלע און די פאַרבאָרגענע נוצן, וואָס זיינען מיט איר פאַרבונדן, האָט טיער דערפילט אין דער לופט די דערנענטערונג פון א פאָלקס-באַוועגונג. איז אָט דערקלערט ער אין פּאַרלאַמענט אין זיין מעליצעדיקן סטיל, פאַר וועלכן ער האָט באַקומען דעם צונאָמען Mirabeau-mouche (מיראבא-פליג):

„איך געהער צו דער פּאַרטיי פון רעוואָלוציע, ניט בלויז אין פראַנקרייך, נאָר אין גאַנץ אייראָפּע. איך וואָלט וועלן, אַז די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג זאָל פאַרבלייבן אין די הענט פון מעסיקע מענטשן...נאָר אויב אפילע די רעגירונג וועט אַריינפאַלן אין די הענט פון די היציקע מענטשן, אפילע פון ראַדיקאַלן, וואָלט איך זיך צוליב דעם ניט אָפּגעזאָגט פון מיין זאַך. איך וועל שטענדיק געהערן צו דער פּאַרטיי פון רעוואָלוציע”.

די פעווראַל-רעוואָלוציע איז געקומען, אַנשטאָט צו פאַרבייטן גיזאָס מיניסטעריום מיט טיערס מיניסטעריום, וועגן וואָס עס האָט געטרוימט אָט דער נישטיקער נעפעש, האָט זי אַרויסגעשטופּט לואי פיליפּן דורך דער רעפּובליק. אין דעם ערשטן טאָג פונם פאָלקס-זיג האָט ער זיך זאָרגפול פאַרבאַהאַלטן

און האָט דערביי פאַרגעסן, אז די פאַראכטונג פון די ארבעטער באשיצט אים קעגן זייער האַס. פונדעסטוועגן האָט ער מיט זיין אלט באקאַנטן מוט אויסגעמיטן די געזעלשאַפטלעכע ארענע, ביז די יוני-שכיטע האָט ניט אפגערייניקט דאָס אָרט פאַר אַזעלכע מענטשן, ווי ער. דעמאָלט האָט ער זיך געשטעלט בעראָש פון דער „אָרדענונגס-פאַרטיי", מיט איר פאַרלאַמענטאַרישער רעפובליק—אט דער אנאָנימער צווישן-מלוכע, וואו אלע פארשיידענע פראַקציעס פינם הערשנדיקן קלאַס פלעגן אריינטרעטן אין געהיימע באציאונגען איינע מיט דער אנדערער, קעדיי צו אונטערדריקן דאָס פאָלק, און פלעגן אינטריגירן איינע קעגן דער אנדערער, קעדיי ווידעראויפצושטעלן די מאָנאַרכיע—יעדע לויט איר געשמאַק. דעמאָלט האָט טיער, ווי ער טוט דאָס איצט, באַשולדיקט די רעפובליקאַנער, אז זיי זיינען די איינציקע מעניע פאר דער פאַרפעסטיקונג פון דער רעפובליק; דעמאָלט האָט ער, ווי איצט, גערעדט צו דער רעפובליק, ווי דער הענקער צו דאן-קארלאסן: „איך וועל דיך דערהארגענען, אָבער צוליב דיין אייגענער טויווע". און איצט, ווי דעמאָלט, וועט ער אויסשרייען אף מאָרגן נאָכן זיג L'Empire est fait („די אימפעריע איז פאַרטיק). טיער האָט פאַרגעסן זיינע צוויעסדיקע רעדעס וועגן די „נויטיקע פרייהייטן" און זיין פערזענלעכן האַס צו לואי באנאפארטן, וואָס האָט כויזעק געמאַכט איבער אים און אַרויסגעשליידערט דעם פאַרלאַמענטאַריזם—און מיכוץ דער קינסטלעכער אטמאָספער פון פארלאַמענטאַריזם ווערט דאָסדאָזיקע מענטשעלע צו נישט, און ער ווייסט עס גאַנץ גוט,—טיער האָט דאָס אלץ פאַרגעסן און האָט צוגעלייגט זיין האַנט צו אַלע שענדלעכע אויפטוען פון דער צווייטער אימפעריע, אָנהויבנדיק פון פאַרנעמען רוים דורך פראַנצויזישע מיליטער-טיילן ביז דער מילכאָמע מיט פרייסן; צו דערדאָזיקער מילכאָמע פלעגט ער אויפהעצן דורך זיינע ווילדע אנפאַלן אַף דער איינהייט פון דייטשלאַנד, אין וועלכער ער האָט איינגעזען ניט קיין שלייער פארן פרייסישן דעספאָטיזם, נאָר אן אטענטאַט אף פראַנקרייכס געיארשנטע רעכט אף דער צעבראָקלטקייט פון דייטשלאַנד. אפן וואָרט פלעגט דאָסדאָזיקע פאַרזעעניש ארויסטרעטן אין נאָמען פון נאפאָלעאָן דעם ערשטנס טראַדיציעס, דאָס פלעגט פאכן מיט נאפאָלעאָנס שווערד פאַר גאַנץ איירָאָפּע, און אין זיינע היסטאָרישע ווערק איז ער בלויז געווען נאַפּאָלעאָנס קאמאשן-פוצער. אין דער ווירקלעכקייט פלעגט זיין אויסערלעכע פּאָליטיק שטענדיק פירן צו די גרעסטע דערנידערונגען פאַר פראַנקרייך, אנהויבנדיק פון דער לאָנדאָנער קאָנווענץ פון 1841-טן יאָר ביז צו דער קאַפּיטולירונג פון פאַריז אין 1871-טן יאָר און צו דעם איצטיקן בירגער-קריג, אין וועלכן ער האָט, מיט ביסמארקס העכסטער דערלויבעניש, געהעצט קעגן פאַריז די געפאַנגענע פון סעדאן און מעץ. ניט קוקנדיק אף זיינע בויגעוודיקע פעאיקייטן און אף דער פארענדערלעכקייט פון זיינע שטרעבונגען, איז דערדאָזיקער מענטש זיין גאַנץ לעבן געווען אן איינגעוואָרצלטער רוטינער. עס איז איבעריק צו ריידן, אז די מער טיפע באוועגונגען פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט זיינען שטענדיק פאַר אים פאַרבליבן א סאָד, וואָס ער קאָן אים ניט טויפעס זיין, אָבער אפילע די אייַנפאכסטע ענדערונגען, וואָס

פלעגן פאָרקומען אַף דער איבערפלאַך פון דער געזעלשאַפט, האָט זיין מויעך
אויך ניט געקאָנט באַנעמען, דער מויעך, וואָס זיין גאַנצע לעבנס-קראַפט איז
אוועק אין דער צונג. ער האָט, לעמאָשל, געהאַלטן פאר א כילעלאשעם יעדע
אפנויגונג פון דער פארעלטערטער פראַנצויזישער פראטעקציאָניסטישער סיס-
טעם. אז ער איז געווען לואי באנאפארטס מיניסטער, פלעגט ער כויזעק מאַכן אי-
בער די אייזנבאנען, אַלס אן אויסטראַכטעניש פון אַ קראַנקן גייסט; זייענדיק
אין דער אָפּאָזיציע אין לואי באנאפארטס צייטן, פלעגט ער שטעמפלען, אַלס
אַ פאַרשווערונג פונם הייליקטום, יעדן פרואוו צו רעפאָרמירן די פארפוילטע
פראַנצויזישע מיליטערישע סיכטעם. קיינמאָל ניט אין מעשעך פון זיין לאנגער פאָ-
ליטישער טעטיקייט האָט ער ניט דורכגעפירט קיין איין פראַקטיש נוצלעכעס
מאָסמיטל. טיער איז געווען אויסגעהאַלטן בלויז אין זיין זשעדנעקייט נאָך
רייכקייט און אין זיין האס צו די מענטשן, וואָס שאפן דידאָזיקע רייכקייט.
אַז ער איז דאָס ערשטע מאָל געווען מיניסטער אין לואי פיליפס צייטן, איז
ער געווען א קאַבצן ווי איעוו, און אַ מיליאָנער איז ער געווען, בעאייס ער
איז אוועק פון מיניסטעריום. בעאייס ער האָט דאָס לעצטע מאָל פאַרוואַלטעט
מיטן מיניסטעריום בא דעם דערמאָנטן קיניג (פון 1-טן מארט פון 1840-טן יאָר),
איז ער עפנטלעך באַשולדיקט געוואָרן אין פאַרלאַמענט אין פאַרשווענדן מלו-
כיש געלט, און אַלס ענטפער אַף דעם, האָט ער זיך באַנוגנט בלויז מיט
דעם, וואָס ער האָט אנגעהויבן וויינען — א ביליקע ענטפער, מיט וועלכן עס
פלעגט זיך „אפּאַטערן" אויך זשיול פאוור און יעדער אַנדער קראָקאָדיל. אין באָרדאָ,
אין 1871-טן יאָר איז זיין ערשטער שריט צו ראַטעווען פראַנקרייך פונם אָנ-
קומענדיקן פינאַנציעלן באַנקראָט געווען דער, וואָס ער האָט באַשטימט פאַר
זיך א יערלעכן געהאַלט פון 3 מיליאָן, דאָס איז געווען דאָס ערשטע און דאָס
לעצטע וואָרט פון דער „שפּאָרעוודיקער רעפובליק", וועלכע ער האָט צוגעזאָגט
זיינע פאַריזער וויילער אין 1869-טן יאָר. איינער פון זיינע פריערדיקע כא-
ווירים פונם פאַרלאַמענט פון 1830-טן יאָר, אליין אַ קאַפּיטאַליסט, וואָס האָט
אים פונדעסטוועגן ניט געשטערט צו זיין איינער פון די איבערגעגעבנסטע
מיטגלידער פון דער פאַריזער קאָמונע — בעלע האָט ניט לאַנג געזאָגט טיערן
אין איינער פון זיינע פראָקלאַמאַציעס: „די פאַרשקלאַפונג פון אַרבעט דורכן
קאַפּיטאַל איז שטענדיק געווען דער פונדאַמענט פון אייער פּאָליטיק, און זינט
אין פאריזער שטאָטישן ראַט-הויז האָט זיך פארפעסטיקט די רעפובליק פון
ארבעט, הערט איר ניט אויף צו שרייען אַף גאַנץ פראַנקרייך: „גיט א קוק,
אט זיינען די פאַרברעכער!" א מאַיסטער אַף קליינע מלוכישע שווינדלערייען,
א ווירטואז אין טריילאזיקייט און פאַראַט, גוט געאיבט אין אלע נידעריקסטע
אונטערפיסלעך, שפּיצלעך און שענדלעכער טריילאזיקייט פונם פאַרלאַמענטאַ-
רישן פאַרטייען-קאַמף; שטענדיק גרייט צו מאכן א רעוואָלוציע, ווי נאָר ער
ווערט אראפּגעשטויסן פון דער שטעלע, וועלכע ער פאַרנעמט, און צו דער-
טרינקען זי אין בלוט, ווי נאָר ער וועט זיך שטעלן באַם רודער פון דער
מלוכע-מאַכט; אנגעשטאפּט מיט קלאסן-פארורטיילן, אָנשטאָט אידייען, מיט פוס-
טער גאיווע אָנשטאָט א האַרץ, פונקט אזוי שמוציק אין זיין פריוואַטן לעבן,

זוי אין זיין געזעלשאפטלעכן לעבן, איז אפילע איצט, ווען ער שפילט פאנאַנ־דער די ראָלע פון אַ פראַנצויזישן סולא, קאָן ער זיך ניט איינהאַלטן און ניט אונטערשטרייכן די געמיינקייט פון זיינע מאַיסים דורך דער לעכערלעכקייט פון זיין גרויס האַלטן זיך".

די קאַפּיטולירונג פון פאַריז, וואס האָט איבערגעגעבן אין די הענט פון די פרייסן ניט נאָר פאַריז, נאר אויך גאַנץ פראַנקרייך, האָט מיט זיך געשלאָסן די לאַנגע ריי פאַרעטעריישע אינטריגעס מיטן סוינע, וועלכע די אוזורפאַטאָרן (פאַרכאַפּער) פון 4=טן סענטיאבר האָבן אָנגעהויבן, ווי טראָשיו גופע האָט גע־זאָגט, גלייך דעמזעלבן טאָג. פון דער אַנדער זייט, האָט זי געמאַכט אַן אָנהויב פונם בירגער-קריג, וועלכן זיי האָבן איצט, בא דער שטיצע פון פרייסן, גע־פירט קעגן דער רעפּובליק און קעגן פאַריז. שוין אינם טעקסט גופע פון דער קאַפּיטולירונג איז געווען פארבאָרגן א שפּיצל. מער זוי א דריטל פונם לאַנד איז דעמאָלט געווען אין די הענט פונם סוינע, די הויפּט-שטאָט איז געווען אָפּגעשניטן פון די פּראָווינצן, די פּארקער-וועגן זיינען געווען קאַליע. בא אַזאַ צושטאנד פונם לאַנד איז געווען אומעגלעך אווירקלעכע פּאָרשטייערשאַפט פון פראַנקרייך, אויב עס וועט ניט געגעבן ווערן גענוג צייט פאר דער צו־גרייטונגס-אַרבעט, און גראָד דעריבער איז אין די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטולירונג אָנגעוויזן געוואָרן א טערמין פון א וואָך אף אויסצוקלייבן א נאַציאָנאַלע פארזאַמלונג, אַזוי אַז אין אייניקע טיילן פון פראַנקרייך האָט זיך די ידיעע וועגן די פּאָרשטייענדיקע וואַלן באַקומען ערעוו דעם טאג פון די וואַלן. ווייטער, איז אין איינעם פון די פּונקטן פון דער קאַפּיטולירונג געזאָגט געוואָרן, אַז די פאַרזאַמלונג דאַרף אויסגעקליבן ווערן אויסשליסלעך מיטן ציל צו באַשליסן די פראַגע וועגן מילכאָמע און שאָלעם, און, אויב עס וועט זיין נויטיק, אויך צו שליסן א שאָלעם-אָפּמאַך. דאָס פאָלק האט געמוזט דערפילן, אַז די באַדינגונגען פון וואָפנשטילשטאַנד מאַכן פאר אומעגלעך צו פירן ווייטער די מילכאָמע, און אַז קעדיי צו באַשטעטיקן דעם שאָלעם, וועלכן ביסמאַרק האָט אָנגעבונדן, וועלן די ערגסטע מענטשן פון פראַנקרייך זיין גראָד די בעסטע.

ניט באַנוגענענדיק זיך אָבער מיט אָט די פּאָרזיכטיקייטס-מיטלען, און איידער דער סאָד פונם וואָפנשטילשטאַנד איז מיטגעטיילט געוואָרן די פּאַריזער, האָט טיער אונטערגענומען א וואַל-רייזע איבער די פּראָווינצן, קעדיי אויפצולעבן דאָרט דעם בארמענען פון דער לעגיטימיסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט איצט אינאיינעם מיט די אָרלעאַניסטן געזאָלט פארנעמען דאָס אָרט פון די באָנאַפּאַר־טיסטן, וועגן וועלכע ס'האָט ניט געקאָנט זיין קיין רייד אינם איצטיקן מאָמענט. פאַר די באָנאַפּאַרטיסטן האָט ער קיין מוירע ניט געהאַט. זיי זיינען געווען אומעגלעך, אלס א רעגירונג פונם איצטיקן פראַנקרייך, און דעריבער זיינען זיי ניט געפערלעך, אלס קעגנער — און וואָס פאר א פּאַרטיי איז טאַקע געווען א מער באַקוועם געצייג פאַר רעאַקציע, איידער די פּאַרטיי, וואס איר גאַנצע עקזיסטענץ... סעטיקייט האָט זיך געהאַלטן, ווי טיער אליין האָט געזאָגט (אין פּאַרלאַמענט דעם 5-טן יאַנוואַר פון 1833=טן יאָר): „אף דריי זיילן: אויסערלעכע אינטער־ווענץ, בירגער-קריג און אַנאַרכיע", זיי אָבער, די לעגיטימיסטן, האָבן אָנגע־

הויבן ערנסט גלויבן, אז עס איז געקומען די צייט פאר זייער „טויזנט־יאָריקער מלוכע". און, טאַקע, פראַנקרייך איז ווידער געלעגן בא די פיס פון אַן אויסלענדישן סוינע, די אימפּעריע איז ווידער געפאַלן, און באָנאַפּאַרט איז גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט, און זיי אליין זיינען ווידער פאראן. דאָס ראָד פון דער געשיכטע האָט זיך, אַפּאָנים, א דריי־געטאָן אָף צוריק ביז צו דער Chámbre introuvable (דער פּאַרלאַמענט פון לאַנדראַטן און יונקערס) פון 1816 טן יאָר. אין די פארזאמלונגען פון דער רעפּובליק פון די יאָרן 1848—1851 פלעגן ארויסטרעטן, אַלס זייערע פירער, געבילדעטע און דערפאַרענע אין פּאַרלאַמענט־קאמף מענטשן; איצט זיינען ארויסגעטרעטן אַפן ערשטן פּלאַן געמיינע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי — אלע אויסוואורפן פון פראנקרייך.

אז אין באָרדאָ האט זיך געעפנט אָט דער „פריצישער פּאַרלאַמענט", האָט טיער זיי דערקלערט, אז זיי דאַרפן גלייך אָנעמען די שאָלעם־באדינגונגען, ניט דעבאַטירנדיק זיי אַפילע אין פּאַרלאַמענט, ווייל דאָס איז די איינציקע באדינגונג, אף וועלכער פּרייסן וועט זיי דערלויבן אָנצוהויבן א מילכאָמע קעגן דער רעפּובליק און קעגן פּאַריז איר פעסטונג. און די קאָנטר־רעוואָלוציע האָט טאַקע ניט געטאָרט פּאַרלירן קיין צייט. די צווייטע אימפּעריע האָט אין צווייען פּאַרגרעסערט דעם מלוכע־כויוו, אלע גרויסע שטעט זיינען געווען באלאַסטעט דורך שווערע אָרטיקע כויוועס. די מילכאָמע האָט געוואַלטיק פּאַרגרעסערט די פאָדערונגען צום פאָלק און האָט אינגאנצן אויסגעשעפּט אלע האַכנאָסע־קוואלן. און אכוץ דעם, איז אף דער פראַנצויזישער טעריטאָריע געשטאַנען דער פּרייסישער שיילאָק מיט זיינע קוויטאַנציעס אף אויסהאַלטן אַן אַרמיי פון א האַלבן מיליאָן סאָלדאַטן, מיט דער פאָדערונג איינצוצאָלן א קאָנטריבוציע פון 5 מיליאַרד און 5 פּראָצענט שטראָף פאר די ניט איינגעצאָלטע ראטעס. ווער האָט געדאַרפט צאָלן פאר אלץ דעם? נאר דורך געוואַלטזאַמער אומשטירצונג פון דער רעפּובליק האָבן די רייכקייט־אייגנטימער געקאָנט האָפן ארויפצוואַרפן די גאַנצע לאַסט פון דער מילכאָמע, וואָס זיי אַליין האָבן זי ארויסגערופן, אף די פּלייצעס פון די, וואס שאַפן דידאָזיקע רייכקייט. און, אַף אזא אויפן, האָט דער אומגעהויערער כורבן פון פראַנקרייך געטריבן אָט די פּאַטריאָטישע פּאָרשטייער פון ערד־באזיץ און קאַפּיטאַל צו פאַרענדיקן די אויסערלעכע מילכאָמע דורך א בירגער־קריג, דורך אַ מערידע פון שקלאַפן־אייגנטימער, אונטער דער הויכער שוץ און פאר די אויגן פונם פרעמדן באצווינגער.

אַפן וועג פון דערדאָזיקער פּאַרשווערונג איז געשטאַנען א גרויסע מעניע — פּאַריז. אנטוואָפענען פּאַריז, דאָס איז געווען די ערשטע באדינגונג פּאַרן דערפאָלג. טיער האָט זיך דעריבער געווענדעט צו פּאַריז מיט דער פאָדערונג אָוועקצולייגן דאָס געווער. מע האט געטאָן אלץ, אז פּאַריז זאָל אויפגעבראַכט ווערן פון די ווילדע אנטי־רעפּובליקאנישע דעמאָנסטראַציעס פון דער פריצישער פארזאמלונג און טיערס גופע צוויידייטיקע וויצן איבערן רעכט פון דער רעפּובליק־עקזיסטענץ; מע האט געדארפט פּאַריז צו אנטקרוינען און אָפּצונעמען בא אים די רעכט פון א הויפּט־שטאָט (dekapiter et dekapitaliser); מע פלעגט באשטימען אָרלעאַניסטישע געזאנדטע; דיופאר פלעגט ארויסגעבן זיינע

געזעצן וועגן די ניט באַצאָלטע וועקסלען און וועגן ניט איינגעצאָלטן דירע-געלט, געזעצן, וואָס האָבן געדראָט ארונטערצורייסן דעם האנדל און אינדוסטריע פון פּאַריז; עס איז, לויט דער פאָדערונג פון פויע-קערטיע, איינגעפירט געוואָרן א שטייער פון 2 סאנטים אויף יעדן עקזעמפּליאר פון יעדער געדרוקטער זאַך; בלאַנקי און פלוראנס זיינען פאַרמישפּטט געוואָרן צום טויט; מע פלעגט פאַרמאַכן רעפּובליקאַנישע צייטונגען; מע האָט אריבערגעפירט די נאַציאָנאלע פאַרזאַמלונג קיין ווערסאַל; מע האט ווידער איינגעפירט דעם באַלאַגערונגס-צושטאַנד, וועלכער איז דערקלערט געוואָרן דורך פּאליקאַאָ און איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דעם 4-טן סעפּטעמבער; ווינוא, דער דעקאַבער-העלד, איז באַשטימט געוואָרן פאר א גובערנאַטאָר, דער זשאַנדארם וואַליאַנטען פאר א פּאָליציי-פרעפעקט, דער יעזואיט ד׳ארעל דע-פּאלאַדין פאר דעם הויפּט-קאָמאַנדיר פון דער פּאַריזער נאַציאָנאלער גוואַרדיע.

און איצט וועלן מיר שטעלן דעם הערן טיער און די מיטגלידער פון דער רעגירונג פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג, זיינע אָנגעשטעלטע, א פראַגע? עס איז באַוואוסט, אַז דורך זיין פינאַנץ-מיניסטער פויע-קערטיע האָט טיער געשלאָסן א האַלוואַע פון 2 מיליאַרד. וועלכע מע האָט געדאַרפט גלייך באַצאָלן. צי איז עס עמעס אָדער ניט:

1) אז דאָס געשעפטל איז אַזוי אָפּגעטאָן געוואָרן, אַז עטלעכע הונדערט מיליאָן קאָמיסיע זיינען אריינגעפאַלן אין דער קעשענע פון טיערן, זשיול פאַוור ערנעסט פּיקאר, פויע-קערטיע און זשיול סימאָן און

2) אז צאָלן פאר דער האַלוואַע האָט מען זיך מיסכאַים געווען ערשט נאָכן „איינשטעלן שאָלעם“ אין פּאַריז?

אַלנפאלס איז די נויט אין געלט געווען, אפּאָנים, זייער גרויס, ווייל טיער און זשיול פאַוור זיינען אפן אומפאַרשעמטסטן אויפן באַשטאַנען אין נאָמען פון דער פאַרזאַמלונג אין באָרדאָ אויף דעם, אַז פּאַריז זאָל פאַרנומען ווערן דורך פּרייסישע מיליטער-טיילן. אזאַ שריט האט אָבער ניט געשטימט מיט ביסמאַרקס פּלענער, ווי ער האָט מיט שפּאָט און אָפנהאַרציק דערציילט די איבעראַשטע פראַנקפורטער פיליסטערן, בעת ער האָט זיך אומגעקערט קיין דייטשלאַנד.

## II

פּאַריז איז געוואָרן די איינציקע ערנסטע מניעה אפן וועג פון דער קאָנטער-רעוואָלוציאָנערער פאַרשווערונג. פּאַריז האָט, הייסט עס, געמוזט אָנטוואָפנט ווערן, די באָרדאָער פאַרזאַמלונג האָט זיך גאַנץ אָפנהאַרציק אַרויסגעזאָגט וועגן דעם. אויב אַפילו דאָס ווילדע ברומען פון אירע „פריצים“ וואָלט ניט געווען אַזוי קלאָר, וואָלט דאָס, וואָס טיער האָט איבערגעגעבן פּאַריז אין די הענט פונעם טריאומווירואט פונעם דעקאַבער-מערדער ווינוא, דעם באָנאַפּאַרטיסטישן זשאַנדארם וואַליאַנטען און דעם יעזואיטן-גענעראַל ארעל דע-פּאַלאַדין.

ניט איבערגעלאָזט קיין אָרט פאר קיין שום צווייפל. אָבער אין דער צייט, ווען
די פארשווערער פלעגן כוצפּעדיק אפן ארויסזאָגן דעם עמעסן ציל פון
דער אנטוואָפענונג, פלעגן זיי פאָדערן, אז פּאַריז זאָל אוועקלייגן דאָס געווער
אונטער אזאַ אויסרייד, וואָס האט פארגעשטעלט מיט זיך א שווייענדיקן, אוב-
פארשעמטן ליגן. די ארטילעריע פון דער נאַציאָנאלער גוואַרדיע, פלעגט טאי-
נען טיער, איז אן אייגנטום פון דער מלוכע און דאַרף דעריבער אומגעקערט
ווערן איר. אין דערעמעסן איז אָבער די מאַיכע געווען אזא: פון דעם ערשטן
טאָג פון דער קאַפּיטולירונג, ווען ביסמאַרקס געפאנגענע האָבן אים ארויסגע-
געבן פראנקרייך, און האבן אויסגערעדט פאר זיך א גאַנץ היפּשע מיליטערישע
קראפט מיטן קלאָרן ציל צו קעמפן קעגן פּאַריז, פון דעם טאָג אָן האט זיך
די נאציאָנאַלע גוואַרדיע רעאָרגאַניזירט און האט איבערגעגעבן די הויפּט-קאָ-
מאַנדירונג איבער זיך אין די הענט פון א צענטראַל-קאָמיטעט, וואָס איז אויס-
געקליבן געוואָרן דורך דער גאַנצער מאַסע פון דער נאציאָנאלער גוואַרדיע,
אכוץ עטלעכע באָנאפּאַרטיסטישע באַטאַליאָנען. ערעוו דעם טאָג, ווען די פּרייסן
האָבן געדאַרפט ארייַנגיין קיין פּאַריז, האָט דער צענטראַל-קאָמיטעט אָנגענומען
מיטלען, אז די הארמאַטן און מיטראַליעזן, וועלכע די קאַפּיטוליאנטן האָבן
פארעטעריש איבערגעלאָזט גראד אין די קווארטאלן, וואָס האָבן געדארפט
פארנומען ווערן דורך די פּרייסן, זאלן אריבערגעפירט ווערן קיין מאָנמאַרטר,
לא-ווילעט און בעלוויל. אָט די ארטילעריע איז געשאַפן געוואָרן אף די
מיטלען, וואס די נאציאָנאַלע גוואַרדיע גופע האט געזאמלט. אינם טעקסט פון
דער קאַפּיטולירונג פון 28-טן יאנוואר איז זי אָפיציעל אנערקענט געוואָרן פאר
אן אייגנטום פון דער נאַציאָנאלער גוואַרדיע, און אלס אזעלכעס איז זי ניט
איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער אלגעמיינער מאָסע פונם געווער, וואָס געהערט
דער מלוכע און וואס דאַרף ארויסגעגעבן ווערן דעם זיגער. כיער האט ניט
געהאט אפילע דעם קלענסטן אויסרייד אף אנצוהויבן א מילכאָמע מיט פּאַריז,
און דעריבער האָט ער זיך געמוזט באַנוצן מיטן כוצפּעדיקן ליגן, אז די ארטי-
לעריע פון דער נאַציאָנאלער גוואַרדיע איז קלוימערשט אן אייגנטום פון דער
מלוכע.

אָט די פאָדערונג ארויסצוגעבן די אַרטילעריע האָט געזאָלט בלויז דינען,
אלס א סיגנאל צו דער אלגעמיינער אנטוואָפענונג פון פּאַריז און, הייסט עס,
צו דער אנטוואָפענונג פון דער רעוואָלוציע פון 4-טן סענטיאַבר. אָבער דידאָ-
זיקע רעוואָלוציע איז געוואָרן די געזעצלעכע מלוכע-פאָרם פון פראַנקרייך. די
רעפּובליק, דער רעזולטאט פון דערדאָזיקער רעוואָלוציע, איז אנערקענט גע-
וואָרן דורך די זיגער אינם טעקסט פון דער קאַפּיטולירונג. נאָך דער קאַפּי-
טולירונג איז זי אנערקענט געוואָרן דורך אלע אויסלענדישע מלוכעס; אין
איר נאָמען איז צונויפגערופן געוואָרן די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג. די פּאַריזער
ארבעטער-רעוואָלוציע פון 4-טן סענטיאַבר איז געווען דער געזעצלעכער יעסאָד
פאַר דער נאַציאָנאַלער פאַרזאמלונג אין באָרדאָ און פאַר איר אויספיר-מאַכט.
אויב ניט די רעוואָלוציע פון 4-טן סענטיאַבר, וואָלט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמ-
לונג גלייך געמוזט אָפּטרעטן איר אָרט דעם געזעצגעבערישן קאָרפּוס, וואָס

איז אויסגעקליבן געוואָרן אין 1869 יאָר דורך אלגעמיינער אָפּשטימונג בא דער פראַנצויזישער, און ניט קיין פרייסישער הערשאַפט, און וואָס איז מיט געוואַלט פאַנאַנדערגעטריבן געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע. טיער און זיינע Ticket-of-leave-לייט וואָלטן געמוזט קאַפּיטולירן, קעדיי דורך דעם צו דערשלאָגן זיך שוץ-שיינען מיט לואי באָנאַפּאַרטס אונטערשריפטן, קעדיי אויסצומיידן א רייזע קיין קאַיענע. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג מיט אירע פולמאַכטן צו שליסן שאָלעם מיט פּרייסן, איז געווען בלויז איינער פון די עפּיזאָדן פון דער רעוואָלוציע, וואָס איר ווירקלעכע פאַרקערפּערונג איז דאָך געווען דער באַוואָפנטער פּאַריז; דער זעלבער פּאַריז, וואָס האָט געמאַכט די רעוואָלוציע, וואָס האָט צוליב איר אויסגעהאַלטן פינף כאַדאָשים באַלאַגערונג מיט אַלע אירע הונגער-שרעקן און וואָס האָט, ניט קוקנדיק אף טראָשיוס „פּלאַן", מיט זיין לאַנגדויערנדיקן ווידערשטאַנד געגעבן די פּראָווינצן די מעגלעכקייט צו פירן אן איינגעשפּאַרטן פאַרטיידיקונגס-קריג, און האָט זיך איצט געמוזט אָדער אנטוואָפענען לויט דעם דערנידערנדיקן באַפעל פון די מורדישע קנעכט-אייגנטימער פון באָרדאָ און אָנערקענען, אַז זיין רעוואָלוציע פון 4-טן סעפּטעמבער איז געווען ניט מער ווי אן איינפאַך איבערגעבן די מלוכע-מאַכט פון לואי-באָנאַפּאַרטס הענט אין די הענט פון זיינע ראָיאַליסטישע קעגנער; אָדער ער האָט געמוזט מיט מעסירעס-נעפעש קעמפן פאַר דער זאַך פון פראַנקרייך, וואָס ראַטעווען זי פון פולקומענער יערידע און אויפלעבן זי צו א נייעם לעבן איז געווען אוממעגלעך אָן א רעוואָלוציאָנערער אומשטירצונג פון דער פּאָליטישער און סאָציאַלער אָרדענונג, וועלכע האָט געבראַכט צו דער צווייטער אימפּעריע און איז גופע אונטער איר שוץ דערגאַנגען ביז א צושטאַנד פון פולקומענער צעפוילטקייט. פּאַריז, וואָס האָט נאָך ניט געהאַט געקומען צו זיך נאָכן 5-כאַדאָשימדיקן הונגער, האָט קיין איין רעגע זיך ניט געוואַקלט. ער האָט מיט העלדנמוט באַשלאָסן איינצוהאַלטן אַלע סאַקאָנעס פונם ווידערשטאַנד קעגן די פראַנצויזישע פאַרשווערער, ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס פון זיינע אייגענע פאָרטן האָבן נאָך אים געדראָט די פּרייסישע האַרמאַטן. צוליב עקל אָבער צו בירגער-קריג, אין וועלכן פּאַריז האָט געקאָנט אריינגעצויגן ווערן, האָט דער צענטראַל-קאָמיטעט זיך געהאַלטן בא א פאַרטיידיקונגס-פּאָזיציע, ניט ווענדנדיק קיין אויפמערקזאַמקייט ניט אַף די כוצפּעדיקע שטיק פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, ניט אַף דער אומגעבעטענער אריינמישונג פון דער אויספיר-מאַכט, ניט אַף דעם אַלץ שמעלער ווערנדיקן רינג פון מיליטער אַרום אים און זיינע פאָרשטעט.

איז האָט, הייסט עס, טיער זעלבסט אָנגעהויבן דעם בירגער-קריג, דורך דעם, וואָס ער האָט געשיקט ווינואַ בראָש פון א פּאָליציאַנטן-אָפּטיילונג און פון עטלעכע ליניע-פּאָלקן אין א באַנאַכטיקן רויבערישן מאַרש אַף מאָנמאַרטר, קעדיי אָנצופאַלן אומגעריכטערהייט און צו פאַרכאַפּן די אַרטילעריע פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. עס איז באַוואוסט, מיט וואָס עס האָט זיך געענדיקט דער דאָזיקער פּרואוו, וואָס האָט אַרויסגערופן אן איינגעשפּאַרטן ווידערשטאַנד מיצאַד דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע און וואָס האָט געפירט דערצו,

אז די מיליטער-טיילן האָבן זיך געברידערט מיטן · פאָלק. ארעל דע פאלאדין האָט שוין געהאט פון פריער אָפּגעדרוקט א מוידאָע וועגן זיג, און טיער האָט שוין געהאַט צוגעגרייט א פּראָקלאמאַציע, אין וועלכער ער האט זיך געקליבן מוידיע צו זיין וועגן די מאָסמיטלען, וואָס ער האָט אונטערגענומען אף דורכצופירן א מלוכע-איבערקערעניש. דידאָזיקע ביידע מעלדונגען האָט מען איצט געמוזט פאַרבייטן דורך א מאַניפעסט, אין וועלכן עס איז געזאָגט געוואָרן וועגן טיערס גרויסמוטיקן באַשלוס איבערצולאָזן דער נאַציאָנאַלער גווארדיע איר געווער, דערביי איז געזאָגט געוואָרן, אז ער צווייפלט ניט, אז דאָס געווער וועט באַנוצט ווערן, קעדיי צו פאַרטיידיקן די רעגירונג פון מוירדים. צווישן דער גאַנצער מאַסע פון 300 טויזנט נאַציאָנאַלע גווארדייער האָבן זיך בלויז 300 אָפּגערופן אַפן רוף פונם קליינעם טיער אָנצושליסן זיך אן אים, קעגן זיך גופע. די רומפולע אַרבעטער-רעוואלוציע פון 18-טן מארט האָט פולקום באהערשט פאריז. דער צענטראַל-קאָמיטעט איז געווען איר צייטווייליקע רעגירונג. אייראָפּע האָט, דוכט זיך, אף א רעגע געצווייפלט צי קומען טאקע פאָר אין דער ווירקלעכקייט די אויסטערלישע מיליטערישע און מלוכישע איבערקערענישן, וועלכע זי האָט צוגעזעען מיט די אייגענע אויגן, אָדער דאָס איז אַ כאָלעם פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

פון 18-מארט ביז דעם טאָג, ווען דאָס ווערסאַלער מיליטער האָט זיך אריינגעריסן קיין פאַריז, איז די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע ניט פאַרפלעקט געוואָרן דורך יענע געוואלטאטן, מיט וועלכע עס צייכענען זיך אויס די רעוואָלוציעס און נאָך מער די קאָנטער-רעוואָלוציעס פון די „העכערע קלאַסן“, אזוי אז די קעגנער האָבן ניט געהאַט וואָס איר אויפצוואַרפן סאַידן די דערמאָרדונג פון די גענעראַלן לעקאנט און קלעמאַן טאמא און דעם צוזאַמענשטויס אפן וואנדאמער פּלאַץ.

דער באנאפּאַרטיכטישער אָפיצער, גענעראַל לעקאַנט, וואָס האָט גענומען אן אנטייל אינם באנאכטיקן אנפאל אף מאנמארטר, האָט פיר מאָל אָפּגעגעבן א באַפעל דעם 8-טן ליניע-פאָלק צו שיסן אינם אומבאוואפנטן האַמוין אפן פלאַץ פּיגאלי; אז די סאָלדאַטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט, האָט ער זיי אויסגעזידלט מיט די גראָבסטע ווערטער. אַנשטאט צו שיסן אין פרויען און קינדער, האָבן זיינע אייגענע מענטשן צעשאָסן אים אליין. די געוואוינשאַפטן, וואָס זיינען געווען איינגעוואָרצלט באַ די סאָלדאַטן אין דער שול פון סאָנים פונם אַרבעטער-קלאַס, האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט פאַרשוואונדן ווערן גלייך פון דעם מאָמענט, ווען די סאָלדאַטן זיינען איבערגעגאַנגען צו די אַרבעטער, און דיזעלבע סאָלדאטן האָבן צעשאָסן אויך קלעמאן טאמא.

דער „גענעראַל“ קלעמאן טאמא, אן אומצופרידענער מיט זיין קאַריער, געוועזענער וואַכמיסטער, האָט זיך אין די לעצטע יאָרן פון לואי פיליפּס קעניגטום אָנגעשלאָסן אן דער רעדאַקציע פון דער רעפּובליקאַנישער צייטונג „Le National“, וואו ער האָט גלייכצייטיק פאַרנומען די פּאָסטנס פון א פאַראַנטוואָרטלעכן גוילאם (gérant responsable, וואָס זיין כויוו איז געווען אָפּזיצן אין טפיסע) און פון א דועליסט באַ אָט דער זייער קאַמפּלוסט,קער צייטונג.

אז נאָך דער פעווראַל-רעוואָלוציע זיינען די לייט פון „נאַציאָנאַל" געקומען צו דער מאַכט, האָבן זיי פאַרוואַנדלט דעם אלכן וואכמיסטער אין א גענעראַל. דאָס איז געשען ערעוו דער יוני-שכיטע, וואָס ער און אויך זשיול פאַוור זיינען געווען די סיבע פון איר, און אין וועלכער ער האָט געשפילט די שענדלעכסטע ראָלע פון א הענקער, נאָכדעם איז ער פאַרשוואונדן געוואָרן אינאיינעם מיט זיין גענעראַלשאַפט אף א לאַנגער צייט, קעדיי ווידער ארויסצוטרעטן אף דער אַרענע דעם 1-טן נאָיאַבר פון 1870-טן יאָר. מיט א טאָג פֿאַר דעם, האָט די „רעגירונג פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג" פייערלעך צוגעזאָגט אין שטאָטישן ראטהויז בלאנקין, פלוראנסן און אנדערע פאָרשטייער פון די אַרבעטער, אַז זיי וועלן איבערגעבן די פארכאַפטע דורך זיי מאכט אין די הענט פון דער פריי-אויסגעקליבענער פאַריזער קאָמונע. אנשטאט צו האלטן איר וואָרט, האָט זי אויפגעהעצט קעגן פאַריז טראשיוס ברעטאנצעס, וועלכע האָבן איצט פאַרנומען דאָס אָרט פון נאפאלעאָנס קארסיקאנער. בלויז דער גענעראַל טאמיזיע האָט זיך אָפגעזאָגט צו פאַרשמוצן זיין נאָמען דורך אזא טריילאָזיקייט און האָט זיך אָפגעזאָגט פונם ראנג פון הויפט-קאָמאַנדיר איבער דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. קלעמאן טאמא, וואָס האָט פאַרנומען זיין אָרט, איז ווידער געוואָרן גענעראַל. די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געווען הויפט-קאָמאַנדיר, האָט ער געפירט מילכאָמע, אָבער ניט קעגן די פרייסן, נאָר קעגן דער פאַריזער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. ער האָט געזעען מיט אלע קויכעס צו שטערן איר אלגעמיינער באַוואָפענונג, ער פלעגט אנהעצן די בורזשואזע באטאליאָנען אף די ארבעטערשע, ער פלעגט באזייטיקן די אָפיצערן, וואָס האָבן ניט מיטגעפילט מיט טראשיוס „פלאַן", און האָט פאַנאנדערגעלאָזט די פראָלעטארישע באטאליאָנען, וועלכע ער האָט מיט שאַנדע באַשולדיקט אין פאַכדאָנעס, טאקע דיזעלבע פראָלעטאַרישע באטאליאָנען, וואָס זייער העלדנמוט באַוואונדערן איצט זייערע פאַרביסנסטע סאָנים. קלעמאן טאמא האָט געוואלטיק שטאָלצירט מיט דעם, וואָס אים האָט זיך ווידער איינגעגעבן צו דערווערבן זיין אמאָליקע יוני-אייגנשאַפט, אלס פערזענלעכער פיינט פונם פאַריזער פראָלעטאַריאַט. נאָך מיט עטלעכע טעג פאַר דעם 18-טן מארט האָט ער פאָרגעלייגט דעם קריגס-מיניסטער לעפלא זיין אייגענעם פלאַן „צו מאכן איינמאָל פאַר אלעמאָל א סאָף צו דער בליאונג פון די פאַריזער אויסוואורפן". נאָך ווינואס מאַפּאָלע האָט ער זיך ניט געקענט אָפזאָגן פונם פארגעניגן ארויסצוטרעטן אף דער ארענע אלס שפּיאָן-ליבהאָבער.

דער צענטראַל-קאָמיטעט און די פאַריזער אַרבעטער זיינען געווען פונקט אזוי פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צעשיסונג פון קלעמאן טאמא און לעקאנט, ווי די פרינצעסין פון אועלס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן טויט פון די מענטשן, וואָס זיינען צעקוועטשט געוואָרן בא דער שטיקעניש בעאייס איר ארייַנפאָרן קיין לאָנדאָן.

די קלוימערשטע האריגע פון אומבאוואָפנטע בירגער אפן וואנדאמער פלאַץ איז אן אויסגעטראַכטע מאיסע, וועגן וועלכער טיער און די „פריצים" פון דער פארזאמלונג האָבן אקשאָנעסדיק געשוויגן און וואָס פאַרשפּרייטן זיי האָבן זיי באַאויפטראגט אויסשליסלעך די מעשאָרסים פון דער אייראָפּעאישער טעגלעכער פּרעסע.

די „אָרדענונגס-לייט", די רעאַקציאָנערן פון פּאַריז, זיינען אויפגעציטערט געוואָרן בײַ דער יעדיע וועגן דעם זיג פון 18-טן מאַרט. פאַר זיי איז דאָס געווען אַ צייכן, אַז נאָענט איז די צייט, ווען דאָס פאָלק וועט זיך אָפּרעכענען מיט זיי. פאַר זייערע אויגן זיינען אויפגעשטאַנען די געשפּענסטער פון די קאָרבאַנעס, וואס זיי האבן דערהאַרגעט, אָנהויבנדיק פון די יוני-טעג פון 1848-טן יאָר ביזן 22-טן יאַנוואר פון 1871-טן יאָר. זייער שרעק איז אָבער געווען זייער איינציקע שטראָף. אַפילע די פּאָליציאַנטן איז אנשטאָט צו אנטוואפענען און אַרעסטירן זיי, ווי מע האט באדארפט טאָן, האָט מען פאַר זיי ברייט געעפנט די טויערן פון פּאַריז, און זיי זיינען גאַנץ רואיק אַנטלאָפן קיין ווערסאַל. מיט די „אָרדענונגס-לייט" איז ניט נאר וואס איז מיט זיי קיין זאַך ניט געשען, נאָר מע האט זיי אפילע דערלויבט ווידער צונויפצוקלייבן זיך און צו באַפעסטיקן זיך אַף פיל שטאַרקערע פּאָזיציעס אין סאַמע צענטער פון פּאַריז. אָט די לייטזעליקייט פונם צענטראַל-קאָמיטעט, אָט די גרויסמוטיקייט פון די באַוואָפנטע אַרבעטער, וואס שטייען אין אַזאַ ווידערשפּרוך מיט די געוואוינשאפטן פון די „אָרדענונגס-לייט", זיינען אויפגענומען געוואָרן דורך דערדאָזיקער פּאַרטיי, אַלס אַ צייכן פון באזיגטער שוואכקייט. אָט פון וואנען עס נעמט זיך דער אומזיניקער פּלאַן צו פּרואוון דערשלאָגן זיך דורך אַ פרידלעכער דעמאָנסטראציע דאס, וואס ווינוא האט זיך ניט געקאָנט דערשלאָגן מיט זיינע האַרמאטן און מיטראַליעזן. דעם 22-טן מאַרט האט זיך פון די רייכסטע קוואַרטאלן באַוויזן אַ האַמוין פון „גרויסאַרטיקע הערן", וואס איז באשטאנען פון קאָלערליי פראנטן בעראש מיט די באוואוסטע אויסגעהאָדעוועטע דורך דער צווייטער אימפּעריע העלדן, ווי העעקערען, קאעטלאגאן, אנרי-דע-פּען אוכעדוימע. פּאַכדאָניש זיך פּאַרדעקנדיק אונטערן אויסרייד פון אַ פרידלעכער דעמאָנסטראציע, אין דער-עמעסן אָבער באַוואָפנטע, ווי רויבער, זיינען זיי געגאַנגען און פלעגן אַנטוואָפענען און באליידיקן די פּאָסטנס און פּאַטרולן פון דער נאַציאָנאלער גוואַרדיע, וואָס זיי פלעגן טרעפן אַפן וועג; זיי זיינען אַרויס פון דער Rue de la Paix (די שאָלעם-גאַס) אַפן וואנדאמער-פּלאַץ און מיט אויסגעשרייען: „נידער מיט דעם צענטראַל-קאָמיטעט! נידער מיט די מערדער! זאָל לעבן די נאַציאָנאַלע פּאַרזאַמלונג!" האבן זיי געפּרואווט דורכרייסן זיך דורך דער ליניע פון די וואַך-פּאָסטנס, וואס זיינען דאָ געשטאַנען, און פאַרכאַפּן, אַף אזא אויפן, די הויפּט-קוואַרטיר פון דער נאציאָנאַלער גוואַרדיע, וואס האט זיך געפונען הינטער דערדאָזיקער ליניע. אַף זייער רעוואָלווער-שיסעריי האט מען זיי געענטפערט מיט די געוויינלעכע געזעצלעכע פּאָדערונגען צו פאַנאַנדערגיין זיך; אַז דאס האט ניט געווירקט, האט דער גענעראַל פון דער נאַציאָנאלער גוואַרדיע געהייסן שיסן. עס איז גענוג געווען איין זאַלפּ, אז דידאָזיקע פוסטע מויכעס זאָלן זיך לאָזן ווילד לויפן, די פּוסטע מויכעס, וואס האבן זיך איינגעבילדעט, אַז בלויז דאס דערשיינען פון זייער „אנשטענדיקער געזעלשאַפט" וועט האבן אַף דער פּאַריזער רעוואָלוציע דיזעלבע ווירקונג, ווי די טרומייטן פון יעהושואַ בען נון אַף די ווענט פון יעריכוי. זיי האבן דערהאַרגעט צוויי נאַציאָנאלע גווארדייער. ניין האבן זיי שווער פאַרוואונדעט (צווישן זיי אַ מיטגליד פון צענטראַל-קאָמי-

טעט); דער גאַנצער פּלאַץ, וואו זיי האָבן באוויזן זייער בעריעשקייט, איז געווען פאַרוואָרפן מיט רעוואָלווערן, קינזשאַלן, שטעקנס מיט מעסער — אלץ אַ באַווייז פונם „אומבאוואָפנטן" כאראקטער פון זייער „פרידלעכער" דעמאָנסטראַציע.

ווען דעם 13-טן יוני פון 1849-טן יאָר האָט די פּאַריזער נאציאָנאלע גוואַרדיע איינגעאָרדנט ווירקלעך אַ פרידלעכע דעמאָנסטראציע, קעדיי צו פּראָטעסטירן קעגן דעם רויבערישן אָנפאַל פונם פראַנצויזישן מיליטער אַף רוים, — דעמאָלט איז שאנגארניע, דער דעמאלטיקער גענעראל פון דער אָרדענונגס-פּאַרטיי, פּראָקלאמירט געוואָרן דורך דער נאַציאָנאלער פארזאמלונג און באזונדערס דורך טיערן, פאַר אַ רעטער פונם פאטערלאנד דערפאַר, וואס ער האט פון אלע זייטן אַרויסגעלאָזט זיין מיליטער אַפן אומבאוואָפנטן האַמוין, קעדיי זיי צו שיסן, האַרגענען מיט שווערדן און טרעטן מיט די פערד. דעמאָלט איז אין פּאַריז דערקלערט געוואָרן באלאגערונגס-צושטאנד; דיופאר האט דורכגעפירט אין דער נאציאָנאלער פארזאמלונג א גאנצע ריי נייע דראַקאָנישע געזעצן; עס זיינען געמאכט געווען נייע ארעסטן, נייע פּאַרש־קונגען; עס האט אָנגעהויבן הערשן דער טעראָר. די „נידעריקערע קלאַסן" האנדלען אָבער אַנדערש. דער צענטראַל-קאָמיטעט פון 1871-טן יאָר האט פּאָשעט געלאָזן אַנטלויפן די העלדן פון דער „פרידלעכער דעמאָנסטראציע", אַזוי אז אין צוויי טעג אַרום זיינען זיי שוין געווען אימשטאנד איינצואָרדענען די באוואפנטע דעמאָנסטראציע אונטער דער אָנפירונג פונם אַרמיראל סעסע, וועלכע האט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פון פריער פּאַרבראכטן אַנטלויפן קיין ווערסאַל. דער צענטראַל-קאָמיטעט, וואס האט אַקשאָנעסדיק ניט געוואָלט פירן דעם בירגער-קריג, וועלכן טיער האט אָנגעהויבן דורך זיין באַנאַכטיקן אָנפאַל אף מאנמאורטר, איז דאָסמאָל באַגאַנגען אַ גרויסן פעלער, וואס ער איז גלייך ניט אַרויסגעטראָטן קעגן ווערסאַל, וואָס האָט נאָך דעמאָלט ניט געהאט גענוג מיטלען צו פאַרטיידיקן זיך, און האט ניט געמאַכט קיין סאָף צו די פאַרשווערונגען פון טיערן און פון זיינע „פריצים". אנשטאָט דעם, האט מען דערלויבט דער אָרדענונגס-פּאַרטיי ווידער אויסצופּרובירן אירע קויכעס, ווען דעם 26-טן מארט זיינען פאָרגעקומען די וואַלן אין דער קאָמונע.

אין דעם טאָג האבן די אָרדענונגס-לייט געהאלטן אין די מעריעס פון די קרייזן דראָשעס וועגן שאָלעם מיט זייערע צו-גרויכמוטיקע זיגער, און דערזעלבער צייט האבן זיי, פאַרשטייט זיך, אין דער שטיל געגעבן זיך אַ פּייערלעכע שוואוע בלוטיק צו אָפּרעכענען זיך מיט זיי, ווען עס וועט קומען זייער צייט.

און איצט טוט אַ קוק אף דער צווייטער זייט פון דער מעדאַל! טיער האט אונטערגענומען זיין צווייטן מאַרש קעגן פּאַריז אין אָנהויב אַפּריל. מיט דער ערשטער פּאַרטיע פון פּאַריזער געפאַנגענע, וועלכע איז געבראַכט געוואָרן קיין ווערסאַל, איז מען זיך באגאנגען אַזַן שענדלעכסטן אויפן. ערנעסט פּיקאר האט אַרומגעשנאָרעט, מיט הענט פאַרלייגטע אין די קעשענעס, צווישן זייערע רייען און האט פון זיי כויזעק געמאכט אף קאָלערליי אויפאַנים, און טיערס און פאַוורס פּרויען, אַרומגערינגלט פון זייערע ערן(?)-דאַמען, האבן פון הויכן

באַלקאָן אָפּלאָדירט די שענדלעכע שטיק פֿון ווערסאַלער האַמוין. די געפֿאַנגענע סאָלדאטן פֿון די ליניען-פּאָלקן האט מען איינפֿאַך צעשאָסן; אונזער מוטיקער פֿריינט, דער גענעראַל דיוואַל, אַן אייזנגיכער, איז דערהאַרגעט געוואָרן אָן יעדן געריכט. גאַליפֿע, דער „אַלפֿאָנס" פֿון זיין פֿרוי, וואס איז אַזוי באַוואוסט דורך דעם, וואס אַף די אָרגיעס פֿון דער צווייטער אימפּעריע פֿלעגט זי אומפֿאַרשעמט אַרויסשטעלן פֿאַר אַלעמען איר לייב, אָט דער גאַליפֿע האט זיך אין זיינער אַ פּראָקלאַמאַציע געגרויסט מיט דעם, וואס ער האט עס פֿאַראָרדנט זיינע רייטער צו דערהאַרגענען אייניקע נאַציאָנאַלע גוואַרדיסטן צוזאַמען מיט זייער קאַפּיטאַן און לייטענאַנט, אַף וועלכע זיי האט זיך איינגעגעבן אָנצופֿאַלן אומגעריכטערהייט און צו אַנטוואָפֿענען. ווינוא, וואס איז אַנטלאָפֿן פֿון פֿאַריז, האט באַקומען פֿון טיערן א גרויסן ציילעם פֿון ערן-לעגיאָן פֿאַר זיין באַפֿעל צו צעשיסן יעדן סאָלדאט, וועלכן מע וועט כאַפּן צווישן די קאָמונאַרן. דער זשאַנדאַרם דעמאַרע איז באַלוינט געוואָרן מיט אַן אָרדן דערפֿאַר, וואס ער האט, ווי אַ קאַצעוו, פֿאַרעטעריש צעהאַקט אַף שטיקער דעם ריטעריש-גרויסמוטיקן פֿלוראַנסן, דעמזעלבן פֿלוראַנסן, וואס האט דעם 31-טן אָקטיאַבער פֿון 1870-טן יאָר געראַטעוועט דאס לעבן פֿון די מיטגלידער פֿון דער רעגירונג פֿון נאַציאָנאַלער פֿאַרטיידיקונג. וועגן די „אויפֿמונטערנדיקע פּראָטים" פֿון דערדאָזיקער שכיטע האָט טיער מיט אָפֿענעם פֿאַרגעניגן אויספֿירלעך זיך צערעדט אַף א זיצונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג, מיט דער אָנגעבלאָזענער פּוסטער גאַיווע פֿון א פּאַרלאַמענטישן קאַרליק, וועלכן מע האט דערלויבט צו שפּילן די ראָלע פֿון אַ טאַמערלאַן. האט ער אָפּגעזאָגט די מענטשן, וואס זיינען אויפֿגעשטאַנען קעגן זיין נישטיקער גרויסקייט, אין דעם רעכט פֿון אַ ציוויליזירטן צאַד, וואס פֿירט מילכאָמע, און האט אַפֿילע ניט געוואָלט צאָפּהיטן קיין נייטראַליטעט בענויגייע צו זייערע סאַניטאַרע פּונקטן. עס איז ניט געווען קיין מער עקלדיקע זאַך, ווי אָט די מאַלפּע, וואס איר בילד האט שוין אונז אויסגעמאָלט וואָלטער, וועלכע האט אַף א קורצער צייט באַקומען די מעגלעכקייט פֿריי צו באַפֿרידיקן אירע טיגער-אינסטינקטן.

ניט קוקנדיק אַפֿן דעקרעט פֿון דער קאָמונע (דער דעקרעט פֿון 7-טן אַפּרעל), אין וועלכן זי האט געדראָט מיט אָפּרעכענען זיך און האט דערקלערט, אַז זי האלט פֿאַר איר כויוו „צו פֿאַרטיידיקן פֿאַריז קעגן דער מענטשן-פֿרעסעריי פֿון די ווערסאַלער רויבער און צו פֿאָדערן אַן אויג פֿאַר אַן אויג און א צאָן פֿאַר א צאָן", האט טיער ניט אָפּגעשטעלט זיין גרויזאַם באַגיין זיך מיט די געפֿאַנגענע; ער האט פּונקט אַזוי ווי פֿריער כויזעק געמאַכט איבער זיי און פֿלעגט דרוקן אין זיינע באַריכטן, אַז „נאָך קיינמאָל ניט איז דער טרויעריקער בליק פֿון ערלעכע לייט ניט געפֿאַלן אַף מער אומערלעכע פּענימער, פֿון א מער אומערלעכער דעמאָקראַטיע"—ערלעכע לייט, ווי אַשטייגער טיער און זיינע ticket-of-leave-לייט. פֿונדעסטוועגן האט זיך דאָס צעשיסן פֿון געפֿאַנגענע אָפּגעשטעלט אַף א צייט. ווי נאָר אָבער טיער און זיינע גענעראַלן, די העלדן פֿון דער דעקאַבער (1851)-איבערקערעניש, האבן זיך דערוואוסט, אַז דער דעקרעט פֿון דער קאָמונע וועגן אָפּרעכענען זיך איז געבליבן א דראָונג,

וועלכע ווערט ניט דורכגעפירט אין לעבן, אז אפילו די שפּיאָנען-זשאַנדאַרמען, וואס מע האט געכאַפּט אין פּאַריז, איבערגעטאָנענע אין נאַציאָנאַלע גוואַרדייער, און די פּאָליציאַנטן, וועלכע מע האט געכאַפּט מיט אָנצינדונגס-גראַנאַטן, אז אפילו זיי האט מען אויך געשאַנעוועט, איז ווי נאָר זיי האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָבן זיך גלייך ווידער אָנגעהויבן די מאַסן-צעשיסונגען פון געפאַנגענע, וועלכע האבן שוין געדויערט אָן אַן אויפהער ביזן סאָף. די הייזער, אין וועלכע עס פלעגן זיך באהאלטן נאציאָנאַלע גוואַרדייער, פלעגן אַרומגערינגלט ווערן דורך זשאַנדאַרמען, באַגאָסן ווערן מיט נאַפט (דאָ האט מען זיך דאס ערשטע מאָל באַנוצט מיט דעם אין דערדאָזיקער מילכאָמע), און אונטערגעצונדן ווערן; האלב-פארברענטע קערפּערס זיינען שפּעטער ארויסבאַקומען געוואָרן דורך דער אמבולאטאָריע פון דער פּרעסע (און לע טערן). פיר נאַציאָנאלע גוואַרדייער, וועלכע האבן זיך דעם 28-טן אפּרעל אין בעל-עפּין אונטערגעגעבן רייטער-שיסער, זיינען שפּעטער איינציקווייז צעשאָסן געוואָרן דורכן קאַפּיטאַן פון דידאָזיקע שיסער, גאַליפעס א ווירדיקן קנעכט. איינער פון דידאָזיקע פיר, שעפער, וועלכן מען האט געהאט אָנגענומען פאַר טויט, האט ווי ס'ניט איז דערפּויזשעט ביז די פּאריזער פאָרפּאָסטן און האט אָפּגעגעבן זיין גוויעס-איידעס וועגן דערדאָזיקער מאַיסע פאַר א קאָמיסיע פון דער קאָמונע. ווען טאָלען האט אָנגעפרעגט דעם קריגס-מיניסטער וועגן דעם באריכט פון דערדאָזיקער קאָמיסיע, האבן די „פּריצים“ מיט זייערע געשריייען פאַרטויבט זיין שטים און האָבן ניט דערלאָזט, אז לעפלא (דער קריגס-מיניסטער) זאָל ענטפערן. עס וואָלט געווען א באליידיקונג פאַר זייער „רומפולן“ מיליטער צו ריידן וועגן זיינע גוואורעס. דער נאכלעסיקער טאָן, אין וועלכן טיערס באַריכטן האָבן מיטגעטיילט וועגן די דערשאָסענע מיט באַגנעטן נאציאָנאלע גוואַרדייער, אף וועלכע מע איז אומגעריכטערהייט אָנגעפאַלן, בעאייס זיי האבן געשלאָפן, אין מולען סאקע, און וועגן די מאסן-צעשיסונגען אין קלאמאן, האט באליידיקט אפילו דעם לאָנדאָנער „טאַימס“, וועלכער צייכנט זיך ניט אויס מיט א באַזונדערער פילבארקייט. עס וואלט אָבער געווען אַן אומויסטער פּרואוו אויסצורעכענען אלע מיעסע מאַיסים פון די מענטשן, וואס האבן באָמבארדירט פּאַריז, וואס האבן אונטער דער שוץ פון א פרעמדן באַצווינגער אויפגעהעצט צו א מערידע פון קנעכט-אייגנטימער. צווישן אַט די אלע שרעקן פאַרגעסט טיער אָן זיינע פּאַרלאמענטישע יאָמער-פראַזן וועגן דער קאָלאָסאַלער פאַראנטוואָרטלעכקייט, וואס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַף זיינע קאַרליק-פּלייצעס, ער באַרימט זיך, אַז l‘Assemblée siège paisiblement (די פארזאמלונג האַלט אָפּ בעשאָלעם אירע זיצונגען), און באַווייזט דורך זיינע פּאַראַד-מאָלצייטן, היינט מיט די דעקאבר-גענעראלן, מאָרגן מיט דייטשישע פּרינצן, אז אפילו די געשפּענסטער פון לעקאנט און קלעמאן טאמא האבן ניט קאַליע געמאַכט ניט זיין אפּעטיט, ניט זיין מאָגן.

III

אינדערפרי דעם 18-טן מאַרט פון 1871-טן יאָר איז פּאַריז אויפגעוועקט געוואָרן דורך דונער-אויסגעשרייען: „זאָל לעבן די קאָמונע!" איז וואָס איז אזוינס די קאָמונע, אָט דער ספינקס, וואס האָט פאַרגעבן אזא שווערע אויפגאַבע די בורזשואזע מויכעס?

„די פּראָלעטאריער פון פּאַריז, האט געשריבן דער צענטראל-קאָמיטעט אין זיין מאניפעסט פון 18-טן מארט, איינזעענדיק די מאפּאָלעס און דעם פאַראַט פון די הערשנדיקע קלאַסן, האבן באנומען, אז עס האט געשלאָגן די שאָ, ווען זיי דאַרפן ראַטעווען די לאגע דורך דעם, וואָס זיי וועלן נעמען אין זייערע אייגענע הענט די פאַרוואלטונג מיט די געזעלשאַפטלעכע איניאָנים... זיי האבן באנומען, אז דאס איז זייער גרעסטער כויוו און זייער אומבאשטרייטבאַר רעכט צו ווערן דער באַלעבאָס פון זייער אייגענעם גוירל און צו נעמען אין זייערע הענט די רעגירונגס-מאכט".—דער ארבעטער-קלאס קאָן אָבער ניט פּאָשעט באהערשן דעם פאַרטיקן מלוכע-מעכאניזם און לאָזן אים אין גאַנג, ער זאָל דינען זיינע אייגענע צילן.

די צענטראליזירטע מלוכע-מאַכט, מיט אירע אומעטום זיך געפינענדיקע אָרגאַנען — די שטענדיקע אַרמיי, פּאָליציי, ביוראָקראַטיע, גייסטלעכע, געריכט-אָרגאַנען, — וואס באַזירן זיך אַפן פּרינציפּ פון סיסטעמאטישער און יעראַרכישער ארבעטס-צעטיילונג, שטאַמט פון די צייטן פון דער אבסאָלוטער מאָנאַרכיע, ווען זי האט געדינט אלס א מעכטיק געווער פאַר דער אויפקומענדיקער בורזשואזער געזעלשאפט אין איר קאַמף קעגן דעם פעאָדאַליזם. שפּעטער אָבער איז איר אנטוויקלונג פאַרהאלטן געוואָרן דורך קאָלערלייאיקן מיטלאַלטערלעכן אלטווארג, דורך די גרונט-באַזיצערישע און אדעליקע פּרעראָגאַטיוון, דורך די אָרטיקע פּריווילעגיעס, שטאָטישע און צעכישע מאָנאָפּאָלן און פּראָווינציעלע קאָנסטיטוציעס. דער ריזיקער בעזים פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע פון 18-טן יאָרהונדערט האט אויסגעקערט אָט די אלע שערבלעך פון לאנג פאַרגאנגענע צייטן און האט, אַף אזא אופן, אָפּגערייניקט דעם געזעלשאַפטלעכן באָדן פון אַלע שטערונגען, וואס זיינען געשטאַנען אַפן וועג פון אויסבויען די געביידע פון דער מאָדערנער מלוכע. דידאָזיקע געביידע פון דער מאָדערנער מלוכע איז אויסגעבויט געוואָרן אין די צייטן פון דער ערשטער אימפּעריע, וואס איז, פון איר זייט, ארויסגערופן געוואָרן צום לעבן דורך

די קאָאַליציע-מילכאָמעס פון דער אלטער זהאלב-פעאָדאלער איירא̇פּע קעגן דער מאָדערנער פראנקרייך. בא דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון די הערשאַפטס-פאָרמען איז די רעגירונג אוועקגעשטעלט געוואָרן אונטערן קאָנטראָל פונם פּאַרלאמענט, ד. ה. אונטערן דירעקטן קאָנטראָל פון די פּאָרמעגלעכע קלאסן. פון איין זייט, איז זי איצט פאַרוואנדלט געוואָרן אין אַ פּלאַנצער פון אומצאָליקע מלוכע-כויוועס און שווערע שטייערן און איז געוואָרן דער דייסעריי-עפּל צווישן די קאָנקורירנדיקע פראַקציעס און אַוואַנטיורנסטן פון די הערשנדיקע קלאַסן, וואָס פּילן אַ דראנג צו איר, אַדאַנק איר אַדמיניסטראַטיווער קראַפט, אירע האַנאָכעס און די שטעלעס, וואָס זי האָט אין איר רעשוס. פון דער אַנדערער זייט, האָט זיך געענדערט איר פּאָליטישער כאַראַקטער גלייכצייטיק מיט די עקאָנאָמישע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער געזעלשאַפט. אין דער מאָס, אַף וויפל דער פּראָגרעס פון דער מאָדערנער אינדוסטריע פלעגט אַנטוויקלען, פאַרברייטערן און פארטיפן דעם קלאַסן-קעגנזאַץ צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל, אַף אַזוי פיל פלעגט די מלוכע-מאַכט אלץ מער און מער באקומען דעם כאראקטער פון א געזעלשאַפטלעכער קראַפט אַף צו אונטערדריקן דעם אַרבעטער-קלאַס, דעם כאַראַקטער פון אַ געצייג פאַר קלאַסן-הערשאַפט. נאָך יעדער רעוואָלוציע, וועלכע איז אַ טריט פאָרויס אינם קלאַסן-קאַמף, טרעט אלץ בוילעטער און בוילעטער ארויס דער כאַראַקטער פון דער מלוכע-מאַכט, אַלס אַ געצייג בלויז פאַר אונטערדריקונג. די רעוואָלוציע פון 1830-טן יאָר האָט איבערגעטראָגן די מאכט פון די הענט פון די ערד-אייגנטימער אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטן, ד. ה. פון די הענט פון די מער ווייטע סאָנים פונם ארבעטער-קלאַס אין די הענט פון זיינע מער דירעקטע סאָנים. די בורזשוא-רעפּובליקאַנער, וואָס האָבן אין נאָמען פון דער פעווראַל-רעוואָלוציע פארכאַפּט די מלוכע-מאכט, האָבן זי אויסגענוצט, קעדיי איינצואָרדענען די יוני-שכיטע, דורך וועלכער זיי האָבן דערוויזן דעם אַרבעטער-קלאַס, אַז די „סאָציאלע” רעפּובליק באדייט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי זיין סאָציאלע אונטערדריקונג דורך דער רעפּובליק; און דער ראָיאליסטיש געשטימטער מאסע פון דער בורזשואזיע און די ערד-אייגנטימער האָבן זיי דערוויזן, אַז זיי קענען רואיק איבערלאָזן די בורזשוא-רעפּובליקאַנער די זאָרגן און די געלט-נוצן פון דער פארוואלטונג. נאָך זייער איינציקער יוני-העלדנטאט איז פאר די בורזשוא-רעפּובליקאַנער קיין אנדער זאך ניט פארבליבן, ווי אריבערגיין פון די ערשטע רייען אין די לעצטע רייען פון דער „אָרדענונגס-פּאַרטיי”, פון דער קאָאַליציע, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט פון אַלע קאָנקורירנדיקע פראקציעס און פּאַרטייען פון די פארמעגלעכע קלאַסן, וואָס האָבן זיך איצט געשטעלט אין אן אָפענעם קעגנזאַץ צו די פּראָדוצירנדיקע קלאַסן. די פּאַסיקסטע פאָרם פאר זייער געמיינזאמער פארוואלטונג איז געווען די פּארלאַמענטארישע רעפּובליק מיט לואי באנאפּאַרטן, אלס פּרעזידענט; דאָס איז געווען א רעגירונג פון אָפענעם קלאסן-טעראָר און בעקיוונדיקן באַליידיקן דעם "vile multitude„ (געמיינעם האמוין). אויב די פּאַרלאַמענטאַרישע רעפּובליק איז געווען, ווי טיער האָט געזאָגט, אזא פאַרוואַלטונגס-פאָרם, וואָס

האָט אמווייניקסטן צעטיילט די פאַרשיידענע פראקציעס פונם הערשנדיקן קלאַס, האָט זי דערפאר געעפנט אן אָפּגרונט צווישן אָט דעם קליינצאָליקן קלאַס און דעם גאַנצן געזעלשאפטלעכן ארגאַניזם, וואָס לעבט אויסער אים. די באגרעניצונגען, וואָס די רייסערייען אינעווייניק אינם פארמעגלעכן קלאַס פלעגן בא די פריערדיקע רעגירונגען אַרויפלייגן אף דער מלוכע-מאַכט, זיינען איצט אָפּגעפאלן, אַדאַנק דער פאריייניקונג פונם דאָזיקן קלאַס. צוליב דעם דראָענדיקן אויפשטאנד פונם פּראָלעטאַריאט, האָט דער פארייניקטער פארמעגלעכער קלאַס אָנגעהויבן אפן און כוצפּעדיק אויסנוצן די מלוכע-מאכט, אַלס א נאַציאָנאַל געווער פונם קאפּיטאל קעגן אַרבעט. אָבער זיין אומויפהערלעכער קרייץ-צוג קעגן די פּראָדוצירנדיקע מאסן האָט אים געצוואונגען ניט נאָר צו געבן דער אויספירונגס-מאַכט אַלץ מער און מער רעכט צו אונטערדריקן דעם ווידערשטאנד; ער האָט אים אויך געצוואונגען ביסלעכווייז אָפּצונעמען בא זיין אייגענער פעסטונג — בא דער נאציאָנאַלער פארזאַמלונג — אַלע מיטלען צו פארטיידיקן זיך קעגן דער אויספירונגס-מאַכט. און די אויספירונגס-מאכט, אין דער פערזאָן פון לואי באנאפּאַרטן, האָט אים (דעם פארמעגלעכן קלאַס) פאַנאַנדערגעטריבן. די צווייטע אימפּעריע איז געווען א לייבלעך קינד פון דער רעפּובליק פון דער „אָרדענונגס-פּארטיי".

די אימפּעריע, וואָס מלוכע-איבערקערעניש איז געווען איר מעטריקע, די אלגעמיינע אָפּשטימונג איר סאַנקציע און דער שווערד איר גאָלדענע רוט, האָט פּרעטענדירט, אַז זי שטיצט זיך אַף די פּויערים, אף אָט דער גרויסער מאַסע פּראָדוצירער, וואָס האָט ניט גענומען קיין דירעקטן אנטייל אינם קאַמף צווישן אַרבעט און קאַפּיטאל. זי האָט געהאַלטן, אז זי האָט געראַטעוועט דעם ארבעטער-קלאַס, אַדאנק דעם, וואָס זי האָט כאָרעוו געמאכט דעם פארלאַמענטאַריזם און צוזאַמען מיט אים אויך די אָפענע אונטערגעוואָרפנקייט פון דער רעגירונג אונטער די פאַרמעגלעכע קלאַסן. זי האָט געהאַלטן, אז זי האָט געראַטעוועט די פאַרמעגלעכע קלאַסן, אדאַנק דעם, וואָס זי האָט אייגגעהאלטן זייער עקאָנאמישע הערשאַפט איבער דעם ארבעטער-קלאס; און, לעסאָף, האָט זי געהאַלטן, אז זי האָט פאַרייניקט אלע קלאַסן דורך דעם, וואָס זי האָט אויפגעלעבט דעם טרוים וועגן נאַציאָנאלער רום. אין דערווירקלעכקייט איז זי געווען די איינציקע מעגלעכע רעגירונגס-פאָרם אין אַזא צייט, ווען די בורזשואזיע האָט שוין פאַרלאָרן די פעאיקייט צו פאַרוואלטן מיטן פאָלק, און ווען דער פּראָלעטאריאַט האָט נאָך ניט דערוואָרבן דידאָזיקע פעאיקייט. די גאַנצע וועלט האָט באַגריסט די אימפּעריע, אלס אַ רעטערין פון דער געזעלשאַפט. אונטער איר הערשאַפט האָט די בורזשואזע געזעלשאַפט, וואָס איז באפרייט געווען פון יעדע פּאָליטישע זאָרגן, דערגרייכט צו אַזאַ אַנטוויקלונג, וועגן וועלכער זי האָט אַליין קיינמאָל ניט געטרוימט. איר אינדוסטריע, איר האַנדל האָבן זיך אנטוויקלט אין אַ געוואַלטיקן פאַרנעם; די פינאַנץ-שווינדלערייען האָבן געפייערט קאָסמאָפּאָליטישע אָרגיעס; די אָרימקייט פון די מאַסן פלעגט שארף ארויסטרעטן לעגאַבע דעם אומפארשעמטן גלאַנץ פון צעלאָזענעם לוקסוס, וואָס איז אָנגעלעבט געוואָרן דורך פאַרברעכנס און שווינדלערייען. די

מלוכע-מאַכט, וואס איז, דוכט זיך, געשטאַנען הויך איבער דער געזעלשאַפט, איז אין דער ווירקלעכקייט געווען דער גרעסטער סקאַנדאַל פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט און אין דערזעלבער צייט די נעסט, פון וואַנען עס פלעגן פאַרשפּרייט ווערן אַלע שענדלעכע מאַיסים. די צעפוילטקייט פון דער אימפּעריע און די צעפוילטקייט פון דער געזעלשאַפט, וואָס זי האָט געראַטעוועט, זיינען אָנטבלויזט געוואָרן דורך די באַגנעטן פון פּרייסן, וואָס האָט אַליין געכאַלעשט אריבערצוטראָגן דעם שווערפּונקט פונם דאָזיקן רעזשים פון פּאַריז קיין בערלין. דער אימפּעריאַליזם איז די פּראָסטיטוירטסטע און צוגלייך די לעצטע פאָרם פון דער מלוכע-מאַכט, וועלכע איז אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן דורך דער אויפקומענדיקער בורזשואזער געזעלשאַפט, אַלס אַ געצייג פאַר איר באַפרייאונג פונם פעאָדאַליזם, און וועלכע די פולקום אַנטוויקלטע בורזשואַזע געזעלשאַפט האָט פאַרוואַנדלט אין אַ געצייג צו פאַרשקלאַפן די אַרבעט דורכן קאַפּיטאַל.

די קאָמונע איז געווען גראָד דער הייפעך פון דער אימפּעריע. דער אויסגעשריי „זאל לעבן די סאָציאַלע רעפּובליק", מיט וועלכן דער פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט האָט באַגריסט די פעווראַל-רעוואָלוציע, האָט בלויז אויסגעדריקט די אומקלאָרע שטרעבונג צו אַ רעפּובליק, וואָס זאל ניט נאָר פאַרניכטן די מאָנאַרכיסטישע פאָרם פון אַ קלאַסן-הערשאַפט, נאָר אויך די קלאַסן-הערשאַפט גופא. די קאָמונע איז טאַקע געווען די באַשטימטע פאָרם פון אַזא רעפּובליק.

פּאַריז, דער צענטער און רעזידענץ פון דער אַלטער רעגירונגס-מאַכט און אין דערזעלבער צייט דער געזעלשאַפטלעכער צענטער פונם פראַנצויזישן אַרבעטער-קלאַס, פּאַריז איז מיט געווער אין די הענט אויפגעשטאַנען קעגן דעם פּרוּוו פון טיערן און זיין פּריצישן פּאַרלאַמענט ווידער אויפצושטעלן און צו פאַרייביקן די אַלטע מלוכע-מאַכט, וואָס איז געבליבן ביערושע פון דער אימפּעריע. פּאַריז האָט געקאָנט אַרויסווייזן אַ ווידערשטאַנד, ווייל צוליב דער באַלאַגערונג איז ער פּאָטער געוואָרן פון דער אַרמיי, וואָס איר אָרט האָט פאַרנומען די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, וועלכע איז דעריקער באַשטאַנען פון אַרבעטער. דעם דאָזיקן פאַקט האָט מען איצט געמוזט פאַרוואַנדלען אין אַ פעסטן אַנשטאַלט. דער ערשטער דעקרעט פון דער קאָמונע איז דעריבער געווען דער דעקרעט וועגן אָפּשאַפן די שטענדיקע אַרמיי און וועגן פאַרבייטן זי דורכן באַוואָפנטן פאָלק.

די קאָמונע האָט זיך אויסגעבילדעט פון אויסגעקליבענע דורך אַלגעמיינער אָפּשטימונג דורך די פּאַריזער קרייזן מוניציפּאַלע ראַטמענער. זיי זיינען געווען פאַראַנטוואָרטלעך און האָבן געקאָנט אין יעדער צייט אַראָפּגעזעצט ווערן. זייער מערהייט איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, באַשטאַנען פון אַרבעטער אָדער פון אָנערקענטע פאָרשטייער פונם אַרבעטער-קלאַס. די קאָמונע האָט געזאָלט זיין ניט קיין פּאַרלאַמענטאַרישער אַנשטאַלט, נאָר אַן אַרבעטנדיקע קאָלעגיע, וואָס האָט פאַראייניקט אין זיך סיי די אויספירערישע און סיי די געזעצגעבערישע מאַכט. בא דער פּאָליציי, וואס איז ביז דעמאָלט געווען א

געצייג פון דער מלוכע-מאכט, זיינען גלייך אָפּגענומען געוואָרן אַלע אירע פּאָליטישע פונקציעס, און זי איז פאַרוואַנדלט געווארן אין א געצייג פון דער קאָמונע, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך און קאָן צו יעדער צייט אראָפּגעזעצט ווערן. דאָסועלבע איז אויך געטאַן געוואָרן מיט די באַאַמטע פון אַלע איבעריקע פאַרוואַלטונגס-צווייגן. אנהויבנדיק פון די מיטגלידער פון דער קאמונע און ביז די נידעריקסטע שטעלעס, פלעגן אַלע געזעלשאַפטלעכע אנגעשטעלטע באקומען געהאַלט אין דער גרויס פון ארבעטס-לוין. די פּריווילעגיעס און געהאלטן אף פאַרשטייערשאפט, וועלכע עס פלעגן באקומען די העכערע באאמטע, זיינען פארשוואונדן איינעם מיט זיי. די געזעלשאפטלעכע שטעלעס האבן אויפגעהערט צו זיין א פּריוואט-אייגנטום פון די קרעאטורן פון דער צענטראַלער רעגירונג. ניט נאָר די שטאָטישע פאַרוואַלטונג, נאָר אויך די גאנצע איניציאטיוו, וואס האט ביז דעמאלט געהערט דער מלוכע, איז איבער-געגאנגען צו דער קאמונע.

נאָכדעם ווי זי האָט אָפּגעשאַפט די שטענדיקע אַרמיי און די פּאָליציי — די געצייג פון מאַטעריעלער קראַפט פון דער אַלטער רעגירונג, איז די קאָמונע גלייך צוגעטראָטן צום איינברעכן די מאַכט פון די גייסטלעכע, פון אָט דעם געצייג פון גייסטיקער אונטערדריקונג; זי האָט אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט וועגן פאַנאַנדערלאָזן און עקספּראָפּריאירן אַלע קירכן, אַף וויפל זיי זיינען געווען קאָרפּאָראַציעס. וואָס האָבן געהאט פאַרמעגנס. די גאַלאָכים האָבן זיך געמוזט אומקערן צו אַ באשיידן פּריוואַט-לעבן און ציען זייער כיונע, לויטן ביישפּיל פון זייערע פאָרגייער — די אפּאסטאָלן — פון נעדאָוועס פון די גלויביקע. אַלע לערן-אַנשטאַלטן זיינען אומזיסט געעפנט געוואָרן פאַרן פאָלק און זיינען גלייכצייטיק באַפרייט געוואָרן פון יעדער אַריינמישונג פון דער מלוכע און פון דער קירך. דורך דעם איז ניט נאָר די שול-בילדונג געמאַכט געוואָרן צוטריטלעך פאַר אַלעמען, נאָר עס זיינען אויך אַראָפּגענומען געוואָרן פון דער וויסנשאַפט די קייטן, וואָס עס האָבן אַף איר אַרויפגעלייגט די קלאַסן-פאַרורטיילן און די רעגירונגס-מאַכט.

די ריכטער האָבן פאַרלאָרן יענע לעפּאָנימדיקע אומאָפּהענגיקייט, וועלכע האָט בלויז געדינט צו פאַרדעקן זייער אונטערגעוואָרפנקייט אונטער די רעגירונגען, וואָס פלעגן קומען איינע נאָך דער אַנדערער, וואָס יעדער פון זיי פלעגן זיי שווערן טרייהייט און וואָס יעדע פון זיי פלעגן זיי פאַראַטן. ווי אַלע אמט-פּערזאָנען, האָבן אויך זיי אַף לעהאבע געמוזט אויסגעקליבן ווערן, זיין פאַראַנטוואָרטלעך און קענען אַראפּגעזעצט ווערן.

די פּאַריזער קאָמונע האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געדאַרפט דינען אַלס אַ מוסטער פאַר אַלע גרויסע אינדוסטריעלע צענטרען פון פראַנקרייך. אויב די קאָמונאלע אָרדענונג וואָלט איינגעפירט געוואָרן אין פּאַריז און אין די צווייט-ראנגיקע צענטרען, וואָלט די אַלטע צענטראַליזירטע רעגירונג אויך אין די פּראָווינצן געמוזט אָפּטרעטן איר אָרט דער זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די פּראָדוצירער. אין דער קורצער סקיצע פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאציע, וואָס די קאָמונע האָט ניט באַוויזן אויסצואַרבעטן, איז קלאָר געזאָגט געוואָרן, אַז

די קאָמונע דאַרף ווערן די פּאָליטישע פאָרם פון די קלענסטע דערפלעך, און אַז די שטענדיקע אַרמיי דאַרף איבערן גאַנצן לאַנד פאַרביטן ווערן דורך דער פאָלקס-מיליציע מיט דעם מעגלעך קירצסטן דינסט-טערמין. די דאָרף-געמיינדעס פון יעדן קרייז האָבן געזאָלט פאַרוואַלטן מיט זייערע געמיינזאַמע איניאָנים דורך אַ פאַרזאַמלונג פון באַפולמעכטיקטע, וועלכע האַלט אָפּ אירע זיצונגען אין דער הויפּט-שטאָט פונם קרייז, און דידאָזיקע קרייז-פאַרזאַמלונגען האָבן, פון זייער זייט, געזאָלט שיקן זייערע באַפולמעכטיקטע אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג קיין פּאַריז; דידאָזיקע באַפולמעכטיקטע האָבן געקענט אַראָפּגעזעצט ווערן און געמוזט שטרענג אָפּהיטן די אינסטרוקציעס פון זייערע וויילער. די קליינע צאָל, אָבער זייער וויכטיקע פונקציעס, וועלכע זיינען נאָך פאַרבליבן בײַ דער צענטראַלער רעגירונג, האָבן געזאָלט ניט אָפּגעשאַפט ווערן, ווי עס האָבן פאַלש געטאַיינעט די סאָנים פון דער קאָמונע, נאָר איבערגעגעבן ווערן קאָמונאַלע, ד. ה. שטרענג פאַראַנטוואָרטלעכע באַאַמטע. די איינהייט פון דער נאַציע האָט געזאָלט ניט געשטערט, נאָר, פאַרקערט, אָרגאַניזירט ווערן דורך דער קאָמונאַלער אָרדענונג; זי האָט געזאָלט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ווירקלעכקייט דורך דער פאַרניכטונג פון דער מלוכע-מאַכט, וועלכע האָט געהאַלטן, אַז זי איז די פאַרקערפּערונג פון דערדאָזיקער איינהייט, אַז זי שטייט העכער פון דער נאַציע און איז אומאָפּהענגיק פון איר, און איז אין דער עמעסן געוואָרן אַ פּאַראַזיטישער אָנוואוקס אָפן קערפּער פון דער נאַציע. מיט דעם, וואָס זי האָט פאַרניכטעט די אָרגאַנען פון דער אַלטער רעגירונגס-מאַכט, וועלכע האָבן געדינט בלויז פאַר די צילן פון אונטערדריקונג, פלעגט די קאָמונע אַרויסרייסן פון די הענט פון דערדאָזיקער מאַכט, וואָס האָט געהאַלטן, אַז זי שטייט העכער פון דער געזעלשאַפט, אירע געזעצלעכע פונקציעס און פלעגט זיי איבערגעבן אין די הענט פון פאַראַנטוואָרטלעכע דינער פון דער געזעלשאַפט. אנשטאָט צו אַנטשיידן איינמאָל אין דריי אָדער אין זעקס יאָר, וואָס פאַר אַ מיטגליד פונם הערשנדיקן קלאַס זאָל אין פּאַרלאַמענט פאַרטרעטן און צעטרעטן דאָס פאָלק, האָט דאָס אַלגעמיינע וואַל-רעכט געזאָלט דינען דעם אָרגאַניזירטן אין קאָמונעס פאָלק, פּונקט ווי דאָס אינדיווידועלע שטים-רעכט דינט יעדן ארבעטס-געבער באַם אויסגעפינען אַרבעטער, אויפזעער און בוכהאַלטערס פאַר זיין אונטערנעמונג. און עס איז דאָך גענוג באַוואוסט, אַז געזעלשאַפטן קאָנען, פּונקט אַזוי גוט ווי איינצלנע מענטשן, געפינען דעם פּאַסיקן מענטשן פאַר זייערע פּראַקטישע זאַכן, און אויב זיי האָבן אַמאָל אַ טאָעס, קאָנען זיי אים זייער גיך פאַריכטן. פון דער אַנדער זייט, האָט קיין זאַך ניט געקענט זיין אַזוי פרעמד דעם גייסט פון דער קאָמונע, ווי פאַרבייטן דאָס אַלגעמיינע וואַל-רעכט דורך יעראַרכישער אינוועסטיטור.

נייע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען האָבן געוויינלעך דעם גורל, וואָס זיי ווערן אָנגענומען פאַר רעשטלעך פון אַלטע שוין אָפּגעלעבטע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַף וועלכע זיי זיינען ענלעך אין אַ געוויסער מאָס. אַזוי איז די נייע קאָמונע, וועלכע האָט איינגעבראָכן די מאָדערנע מלוכע-מאַכט, אָנגענומען געוואָרן פאַר אַן אויפלעבונג פון די מיטלאַלטערלעכע קאָמונעס, וואָס

זיינען געווען פאַר אָט דער מלוכע-מאַכט און וואָס האָבן געבילדעט איר יעסאָד; די קאָמונאַלע אָרדענונג איז מיט אַ טאָעס אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ פרואוו צו פאַרבייטן דורך אַ בונד פון קליינע מלוכעס, וועגן וועלכן עס האָבן געטרוימט מאנטעסקיע און די זשיראָנדיסטן, יענע איינהייט פון די גרויסע פעלקער, וואָס איז אַפילע אַרויסגערופן געוואָרן דורך געוואַלט, נאָר איז געוואָרן איצט אַ מעכטיקער פאַקטאָר פון דער געזעלשאַפטלעכער פראָדוקציע. דער קעגנזאַץ צווישן דער קאָמונע און דער מלוכע-מאַכט איז מיט אַ טאָעס אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ איבערגעטריבענע פאָרם פונם אַלטן קאַמף קעגן דער צו גרויסער צענטראַליזירונג. אין אייניקע לענדער האָבן דער פולקומער אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזער רעגירונגס-פאָרם, ווי זי האָט זיך אַנטוויקלט אין פראַנקרייך, געשטערט באַזונדערע היסטאָרישע באַדינגונגען, ווי אין ענגלאַנד, וואו די איקערדיקע צענטראַלע מלוכע-אָרגאַנען פלעגן דערגאַנצט ווערן דורך פאַרקויפלעכע פריכאַד (מיספאלעלים)-פאַרזאַמלונגען, דורך געלט-גייציקע מיטגלידער פון די שטאָטישע ראַטן, דורך אַכזאָריעסדיקע פאַרזאָרגער איבער די אָרימע לייט אין די שטעט און דורך ווירקלעך ביערושעדיקע פרידנס-ריכטער אין די דערפער. די קאָמונאַלע איינאָרדענונג וואָלט, פאַרקערט, אומגעקערט דעם געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם אַלע די קויכעס, וועלכע עס פלעגט באַ אים ביז דעמאָלט אָפנעמען די „מלוכע", אָט דער פאַראַזיט, וואָס נערט זיך אָפן כעשבן פון דער געזעלשאַפט און שטערט איר פרייער באַוועגונג. שוין מיט דעם אַליין וואָלט זי מיטגעהאָלפן דער ווידעראויפלעבונג פון פראַנקרייך. דער מיטל-קלאַס פון די פראָווינציעלע שטעט האָט איינגעזען אין דער קאָמונע אַ פרואוו ווידעראויפצושטעלן די הערשאַפט איבערן דאָרף, וועלכע ער האָט געהאַט אין די צייטן פון לואי פיליפ, און וועלכע איז אין לואי באנאפארטס צייטן אַרויסגעשטויסן געוואָרן דורך דער לעפאָנימדיקער הערשאַפט פונם דאָרף איבער די שטעט. אין דער ווירקלעכקייט, וואָלט די קאָמונע אונטערגעוואָרפן די דאָרפישע פראָדוצירער אונטער דער גייסטיקער אָנפירונג פון די קרייזישע הויפט-שטעט און וואָלט זיי געזיכערט אין די שטאָטישע אַרבעטער נאַטירלעכע פאָרשטייער פון זייערע אינטערעסן. שוין פון דעם פאַקט אַליין, וואָס עס עקזיסטירט די קאָמונע, וואָלט נאַטירלעך אַרויסגעדרונגען די אָרטיקע זעלבסט-פאַרוואַלטונג, אָבער זי וואָלט שוין מער ניט געדאַרפט דינען, אַלס אַ קעגנגעוויכט קעגן דער מלוכע-מאַכט, וואָס ווערט אינגאַנצן איבעריק. נאָר אַ ביסמאַרקן האָט געקאָנט איינפאַלן, ביסמאַרקן, וואָס זיין גאַנצע פרייע צייט פון זיינע בלוט-און אייזן-אינטריגעס פלעגט ער אָפגעבן זיין אַמאָליקער, מער פאַסיקער פאַר זיינע גייסטיקע פעאיקייטן אַרבעט, אַלס אַ מיטאַרבעטער אין „Kladderadatsch"—נאָר אַזאַ מענטשן האָט געקאָנט איינפאַלן, אַז די פאַריזער קאָמונע האָט אייגנטלעך געשטרעבט צו דער פרייסישער שטאָט-איינאָרדענונג, צו אָט דער קאַריקאַטור אַף דער פראַנצויזישער שטאָט-איינאָרדענונג פון 1791-טן יאָר, וועלכע פאַרוואַנדלט די שטאָטישע ראַטן אין צווייטראַנגיקע רעדער פון דעם פרייסישן מלוכע-מעכאַניזם. מיט דעם, וואָס זי האָט אָפגעשאַפט די צוויי גרעסטע קוואַלן פון הויצאָעס—די אַרמיי און די באַאַמטנ-

שאַפט—האָט די קאָמונע פאַרווירקלעכט דעם אידעאַל פון אַלע בורזשואַזע רעוואָלוציעס—אַ וואָלוועלע רעגירונג. איר עקזיסטענץ גופא איז געווען אַ אָפּלייקענונג פון דער מאָנאַרכיע, וועלכע איז, לעכאָלאַפּאָכעס אין אייראָפּע, אַ געוויינלעכער באַלאַסט און אַן אומפאַרמיידלעכער שלייער פאַר קלאַסן-הערשאַפט. זי האָט געשאַפן פאַר דער רעפּובליק אַ פונדאַמענט פון ווירקלעך דעמאָקראַטישע אַנשטאַלטן, אָבער ניט די „וואָלוועלע רעגירונג”, ניט די „עמעסע רעפּובליק” זיינען ניט געווען איר ענדציל; סאַי די, סאַי יענע זיינען געקומען פון זיך אַליין, אַגעוו-אורכע.

די פאַרשיידענע אויסטייטשונגען פון דער באַדייטונג פון דער קאָמונע, די פאַרשיידענע אינטערעסן, וועלכע זי האָט אויסגעדריקט, באַווייזן, אַז זי איז געווען זייער אַן עלאַסטישע מלוכע-פאָרם, אין דער צייט ווען אַלע פריערדיקע רעגירונגס-פאָרמען זיינען, אין טאָך גענומען, געווען אונטערדריקונגס-פאָרמען. איר געהיימניס באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז, אין טאָך גענומען, געווען אַ רעגירונג פונם אַרבעטער-קלאַס, אַ רעזולטאַט פונם קאַמף צווישן דעם פּראָדוצירנדיקן קלאַס און דעם צואייגנענדיקן קלאַס, יענע, לעסאָף, אַנטדעקטע פּאָליטישע פאָרם, באַ וועלכע עס האָט געקאָנט פאָרקומען די עקאָנאָמישע באַפרייאונג פון אַרבעט.

אָן דער לעצטער באַדינגונג איז די קאָמונע געווען אומעגלעך און אַ פוסטער שאָטן. די פּאָליטישע הערשאַפט פון די פּראָדוצירער קאָן ניט עקזיסטירן צוגלייך מיט דער פאַראייביקונג פון זייער געזעלשאַפטלעכער קנעכטשאַפט. די קאָמונע האָט דעריבער געדאַרפט דינען אַלס אַ הויבער אַף אַראָפּצוואַרפן די עקאָנאָמישע יעסוידעס, אַף וועלכע עס באַזירט זיך די עקזיסטענץ גופא פון די קלאַסן און, הייסט עס, אויך די קלאַסן-הערשאַפט. וויבאַלד די אַרבעט איז באַפרייט געוואָרן, ווערט יעדער מענטש אַן אַרבעטער, און פּראָדוקטיווע אַרבעט הערט אויף צו זיין אַ באַזונדערקייט פון אַ געוויסן קלאַס.

אַ מעשונעדיקע זאַך: ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס פאַר די לעצטע זעכציק יאָר האָט מען אַזוי פיל גערעדט און געשריבן וועגן דער באַפרייאונג פון די אַרבעטער, איז, ווי נאָר די אַרבעטער נעמען וואו ס'ניט איז די זאַך אין זייערע אייגענע הענט, ווי עס הויבן זיך גלייך אָן הערן לויב-געזאַנגען פון די אַפּאַלאָגעטן (פאַרטיידיקער) פון דער איצטיקער געזעלשאַפט מיט אירע צוויי קעגנזעצלעכע פּאָליוסן: דעם קאַפּיטאַל און דער קנעכטשאַפט פון לוין-אַרבעט (די ערדבאַזיצער זיינען בלויז שטילע קאָמפּאַניאָנען פון די קאַפּיטאַליסטן), אַזוי ווי די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט וואָלט זיך נאָך געפינען אין אַ צושטאַנד פון בסולעס-אומשולד, אַזוי ווי אירע יעסוידעס וואָלטן נאָך ניט געווען אַנטוויקלט, אַזוי ווי עס וואָלטן נאָך ניט געווען אויפגעדעקט אַלע אירע זעלבסט-אָפּנאַרערייען און איר גאַנצע פּראָסטיטואירטע ווירקלעכקייט! די קאָמונע, שרייען זיי, וויל אָפּשאַפן דאָס אייגנטום, אָט דעם יעסאָד פון יעדער ציוויליזאַציע! יאָ, מיינע הערן, די קאָמונע האָט טאַקע געוואָלט אָפּשאַפן דאָס קלאַסן-אייגנטום, וואָס די אַרבעט פון פילע פאַרוואַנדלט דאָס אין רייכקייט פון ווייניקע. זי האָט געוואָלט עקספּראָפּריאירן די עקספּראָפּריאַטאָרן. זי האָט געוואָלט

שאַפן א אינדיווידועל אייגנטום אין דער ווירקלעכקייט, דורך פאַרוואַנדלען די פראָדוציר-מיטלען, די ערד און דעם קאַפיטאַל, וואָס דינען איצט קוידעמקאָל אַלס אַ מיטל צו פאַרשקלאַפן און עקספּלואַטירן די אַרבעט, בלויז אין אַ געצייג פון פרייער און אסאציאירטער (פאַרייניקטער) אַרבעט. דאָס איז דאָך אָבער קאָמוניזם, דער „אומעגלעכער" קאָמוניזם! עס האָבן זיך דאָך אָבער געפונען מענטשן פון די הערשנדיקע קלאַסן—און אַזעלכע איז פאַראַן אַ גאַנץ היפשע צאל,—וואָס האָבן פאַרשטאַנען, אַז די איצטיקע סיסטעם קאָן זיך לאַנג ניט האַלטן, און זיי זיינען געוואָרן דערעסנדיקע און שרייענדיקע אַפאָסטאָלן פון קאָאָפעראַטיווער פראָדוקציע. אויב אָבער די קאָאָפעראַטיווע פראָדוקציע איז ניט קיין פוסטער קלאַנג און קיין שווינדל, אויב זי וועט אַרויסשטויסן די קאַפיטאַליסטישע סיסטעם, אויב דער גאַנצער סכום קאָאָפעראַטיוון וועט אָרגאַניזירן די נאַציאָנאַלע פראָדוקציע לויט אַן אַלגעמיינעם פלאַן, וועלן זי נעמען אונטער זייער פאַרוואַלטונג און וועלן מאַכן אַ סאָף צו דער שטענדיקער אנאַרכיע און די פעריאָדישע קאָנוואולסיעס, וואָס זיינען אומפאַרמיידלעך באַ דער קאַפיטאַליסטישער פראָדוקציע, איז וואָס וועט דאָס זיין, מיינע הערן, אויב ניט דער קאָמוניזם, דער „מעגלעכער" קאָמוניזם?

דער אַרבעטער-קלאַס האָט ניט געפאָדערט פון דער קאָמונע קיין ניסים. ער טראַכט ניט צו פאַרווירקלעכן קיין פאַרטיקע און פאַרענדיקטע אוטאָפיעס דורך באַשלוסן פונם פאָלק. ער ווייס, אַז כּדי צו דערשלאָגן זיך צו זיין אייגענער באַפרייאונג און צו דערגרייכן יענע העכסטע לעבנס-פאָרם, צו וועלכער עס שטרעבט אומויפהאַלטבאַר די איצטיקע געזעלשאַפט צוליב איר אייגענער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, וועט אים, דעם אַרבעטער-קלאַס, אויסקומען צו פירן אַ לאַנגדויערנדיקן קאַמף, דורכמאַכן אַ גאַנצע ריי היסטאָרישע פראָצעסן, וועלכע וועלן אינגאַנצן ענדערן סיי די מענטשן און סיי די אומשטענדן. אים שטייט פאָר ניט צו פאַרווירקלעכן וועלכע ס'ניט איז אידעאַלן; ער דאַרף בלויז געבן פרייהייט די עלעמענטן פון דער נייער געזעלשאַפט, וועלכע האָבן זיך שוין אַנטוויקלט אינעם שויס פון דער צעפאַלנדיקער בורזשואַזער געזעלשאַפט. אין פולן באַוואוסטזיין פון זיין היסטאָרישן באַרוף און מיט העלדישער אנטשלאָסנקייט צו זיין ווערט דעמדאָזיקן באַרוף, קאָן דער אַרבעטער-קלאַס זיך באַנוגענען מיט דעם, וואָס ער וועט מיט אַ גרינגשעצנדיקן שמייכל ענטפערן סאַי אַף די געמיינע זידלערייען פון די מעשאָרסים פון דער פרעסע, סאַי אַף די מוסער-דראשעס פון די וואוילמיינענדיקע בורזשואַזע דאָקטרינערן, וועלכע טראָגן אונטער זייערע אַמעראַצישע, אַלגעמיינע ערטער און אויסגעזועצענע רעצעפטן אין אַן אָראַקול-טאָן פון וויסנשאַפטלעכער אומזינדיקייט.

אַז די פאַריזער קאָמונע האָט גענומען אין אירע הענט די אָנפירונג מיט דער רעוואָלוציע; ווען איינפאַכע אַרבעטער האָבן דאָס ערשטע מאָל געהאַט מוט צו פארמעסטן זיך אַף דער פריווילעגיע פון זייערע „נאַטירלעכע קאָמאַנדירער"—פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן, אַף דער פריווילעגיע פון פאַרוואַלטונג און, נעמענדיק זיך פאַר יעדער אַרבעט באַ אומגעהויער שווערע באַדינגונגען, האָבן זיי זי אויסגעפירט באַשיידן, ערלעך און מיט דער-

פאַלג, און האָבן זי אויסגעפירט באַ אַ געהאַלט, וואס איז געווען ניט מער פונם געהאַלט, וועלכן עס באַקומט, ווי עס זאָגט דער באַוואוסטער אַווטאָריטעט אין דער וויסנשאַפט (פּראָפעסאָר העקסלי), אַ סעקרעטאַר פון אַ לאָנדאָנער שולראַט, — האָט זיך די אַלטע וועלט קאָנוואולסיוו אויפגעדרייט פון גרימצאָרן, אַז זי האָט דערזעען, ווי די רויטע פאָן, אָט דער סימוואָל פון דער אַרבעטס-רעפובליק, פלאַטערט איבער דעם שטאָטישן ראַט-הויז.

און דאָך איז דאָס געווען די ערשטע רעוואָלוציע, אין וועלכע דער אַרבעטער-קלאַס איז אָפן אנערקענט געוואָרן פאַרן איינציקן קלאַס, וואָס איז נאָך פעאיק צו געזעלשאַפטלעכער איניציאַטיוו; אַנערקענט האָט דאָס די גרויסע מאַסע פונם פאַריזער מיטל-קלאַס — די קליינע הענדלער, האַנטווערקער, סאָכרים, — אַלע, אויסער די רייכע קאַפיטאַליסטן. די קאָמונע האט זיי געראַטעוועט דורך דעם, וואס זי האט קלוג געלייזט די פראַגע, וועלכע רופט שטענדיק אַרויס רייסערייען פונם מיטל-קלאַס גופע, די פראַגע וועגן קרעדיטאָרן און באַלעכויוועס. דערדאָזיקער טייל פונם מיטל-קלאַס האט גענומען אַן אָנטייל אין דערשטיקן דעם יוני-אויפשטאַנד פון די ארבעטער פון 1848-טן יאָר, און גלייך נאָכדעם האָט אים די גרינגדונגס-פארזאמלונג אָן צערעמאָניעס אָפגעגעבן פאַר אַ קאָרבן אין די הענט פון זיינע קרעדיטאָרן. דאָס איז אָבער געווען ניט דער איינציקער גרונט, פארוואָס ער איז איצט צוגעשטאַנען צו די אַרבעטער. ער האט געפילט, אַז איצט דאַרף מען אויסקלייבן: אָדער די קאָמונע, אָדער די אימפעריע, אַלץ איינס, וואָס פאַר אַ שילד זי זאָל ניט טראָגן. די אימפעריע האָט עקאָנאָמיש בעדאַלעס געשטעלט דעם מיטל-קלאַס דורך פאַרשווענדן די געזעלשאַפטלעכע רייכקייטן, דורך שיצן די פינאַנץ-ספעקוליאַציעס, דורך מיטהעלפן דער קינסטלעכער קאָנצענטרירונג פונם קאַפיטאַל און דער עקספּראָפּריאירונג פון אַ באַדייטנדיקן טייל פונם דאָזיקן מיטל-קלאַס, וועלכע איז געווען אַ פּויעל-יויצע פון דער קאָנצענטרירונג. די אימפעריע האט אים אונטערדריקט פּאָליטיש, האט אים מאָראַליש אויפגערעגט דורך אירע אָרגיעס, זי פלעגט באַליידיקן זיין וואָלטעריאַניזם, דורך דעם, וואָס זי האט איבערגעגעבן די דערציאונג פון זיינע קינדער אין די הענט פון „אומוויסנדיקע גאַלאָכים“; זי האָט אויפגערעגט זייער נאַציאָנאַלן געפיל דורך דעם, וואָס זי האָט פארטראַכט דידאָזיקע מילכאָמע, וואס האָט פאר אלע כורבונעס, וועלכע זי האט אָנגעמאַכט, באַלוינט בלויז מיט איין זאַך; מיטן פארניכטן די אימפעריע. און טאַקע, נאָכדעם ווי די ציגיינער-באַנדע פון די הויכגעשטעלטע באָנאפארטיסטן און קאַפיטאליסטן זיינען אַנטלאָפן געוואָרן פון פאַריז, איז אַרויסגעטראָטן פאָרויס די עמעסע „אָרדענונגס-פּאַרטיי“ פונם מיטל-קלאַס (אונטערן נאָמען „רעפובליקאַנישער פארבאַנד“), האט זיך געשטעלט אונטער דער פאָן פון דער קאָמונע און האט זי פארטיידיקט קעגן טיערס רעכילעס. צי וועט די דאַנקבארקייט פון אָט דער מאַסע פונם מיטל-קלאס אויסהאלטן די איצטיקע שווערע ניסיונעס, — דאָס וועט באַווייזן די צוקונפט.

די קאָמונע האט געהאט פולן רעכט צו דערקלערן די פויערים: „אונזער זיג איז אייער האָפענונג“! פון אַלע ליגנס, וואס פלעגן אויסגעטראַכט ווערן אין

ווערסאַל און פלעגן דערנאָך פאַרשפּרייט ווערן איבער דער גאַנצער וועלט דורך די רומפולע באַשיבוזוקן פון דער אייראָפּעאישער פּרעסע, איז דער גרעסטער און כוצפּעדיקסטער געווען דער, אַז די פּריצים פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג זיינען פאַרשטייער פון די פראַנצויזישע פּויערים. מע קאָן זיך טאַקע פאָרשטעלן די ליבע פון די פראַנצויזישע פּויערים צו די דאָזיקע לייט, וועלכע זיי האָבן נאָכן 1815-טן יאָר געמוזט אויסצאָלן אַ מיליאַרד קאָמפּענסאַציע! אין די אויגן פונם פראַנצויזישן פּויער איז שוין די עקזיסטענץ גופא פונם גרויסן ערד-באַזיצער געווען אַן אַטענטאַט אַף זיינע דעראָבערונגען פון 1789-טן יאָר.

אין 1848-טן יאָר האָבן די בורזשואַ אַרויפגעלייגט אַף דער פּויערשער ערד אַ דערגאַנצונגס-שטייער פון 45 סאַנטים אַף יעדן פראַנק, זיי האָבן דאָס אָבער געטאָן אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע; איצט האָבן זיי אויפגעהעצט אַ בירגער-קריג קעגן דער רעוואָלוציע, קעדיי אַרויפצולייגן אַף די פּלייצעס פון די פּויערים די הויפּט-לאַסט פון דער 5-מיליאַרדיקער קאָנטריבוציע, וואָס זיי האָבן זיך מיסכאַיעוו געווען איינצוצאָלן די פּרייסן. די קאָמונע האָט, פאַרקערט, דערקלערט גלייך אין איינער פון אירע ערשטע פּראָקלאַמאַציעס, אַז די שולדיקע פון דער מילכאָמע דאַרפן אויך טראָגן איר לאַסט. די קאָמונע וואָלט באַפרייט דעם פּויער פונם בלוט-שטייער, וואָלט אים געגעבן אַ וואָלוועלע רעגירונג, וואָלט פאַרביטן אַזעלכע בלוטזייגער, ווי דער נאָטאַריוס, דער אַדוואָקאַט, דער געריכט-אויספירער און אַנדערע געריכטלעכע וואַמפּירן, דורך געדונגענע קאָמונאַלע באַאַמטע, וואָס ער אַליין קלייבט זיי אויס און וואָס פאַר אים זיינען זיי פאַראַנטוואָרטלעך. זי וואָלט אים באַפרייט פונם ווילקיר פונם פעלד-שוימער, פונם זשאַנדאַרם און פּרעפעקט; זי וואָלט פאַרביטן דעם גאַלעך, וואָס פאַרטעמפּט זיין מויעך, מיטן שול-לערער, וואָס גיט אים אויפקלערונג. און דער פראַנצויזישער פּויער איז קוידעמקאָל אַן אויסגערעכנטער מענטש, ער וואָלט געפונען, אַז עס איז גאַנץ קלוג צו צאָלן די גאַלאָכים ניט פון די סומעס, וואָס ווערן געצאָלט דורכן שטייער-אויפמאָנער, נאָר פון די פּרייוויליקע אָפּצאָלונגען, וואָס וועלן זיין אָפּהענגיק פון דער מאָס פון דער פרומקייט פון דער געמיינדע. אָט דאָס זיינען געווען די וועזנטלעכע דירעקטע טויוועס, וואָס די הערשאַפט פון דער קאָמונע — און נאָר זי — האָט צוגעזאָגט די פראַנצויזישע פּויערים. דעריבער איז דאָ גאַנץ איבעריק אָפּצושטעלן זיך אַף די מער קאָמפּליצירטע און ווירקלעך לעבנס-נויטיקע פראַגן, וואָס נאָר די קאָמונע אַליין איז געווען פעאיק און גלייכצייטיק געצוואונגען צו לייזן לעטויוועס די פּויערים — די פראַגע וועגן היפּאָטעקן-כויוו, וואָס איז ווי אַ שווערער באַרג געלעגן אַף דער פּויערשער ערד-פראַגע, וועגן לאַנדווירטשאַפטלעכן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, די פראַגע וועגן דער עקספּראָפּריאירונג פון זיין אייגענער ערד, וועלכע איז פאָרגעקומען מיט אַלץ וואַקסנדיקער גיכקייט אַדאַנק דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער לאַנדווירטשאַפט און דער קאָנקורענץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט.

דער פראַנצויזישער פּויער האָט אויסגעקליבן לואי באָנאַפּאַרטן פאַר אַ פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, אָבער די אָרדענונגס-פּאַרטיי האָט געשאַפן די

צווייטע אימפעריע. וואָס דער פראַנצויזישער פויער דאַרף ווירקלעך האָבן, דאָס האָט ער אָנגעהויבן צו באַווייזן אין 1849-טן און 1850-טן יאָר דורך דעם, וואָס ער פלעגט אומעטום אנטקעגנשטעלן זיין אייגענעם מער אַנטקעגן דעם רעגירונגס-פרעפעקט, זיין שול-לערער אנטקעגן דעם רעגירונגס-זשאַנדאַרם. אלע געזעצן, וואָס די אָרדענונגס-פאַרטיי האָט אַרויסגעגעבן אין יאַנואַר און פעברואַר פון 1850-טן יאָר, זיינען געווען, ווי זי האָט אַליין אנערקענט, צוואַנגס-מאָס-מיטלען, געווענדעטע קעגן די פויערים. דער פויער איז געווען א באָנאַפּאַרטיסט, ווייל די גרויסע רעוואָלוציע מיט אלע אירע נוצן, וואָס זי האָט אים געבראַכט, האָבן זיך אין זיינע אויגן פאַרקערפּערט אין נאפּאלעאָנען. אָט די זעלבסט-אָפּנאַרעריי, וואָס האָט בא דער צווייטער אימפעריע געהאלטן גיך פאַרשוואונדן צו ווערן, אָט דער פאָרורטייל פון דער פאַרגאַנגענהייט (און ער איז אין טאָך גענומען געווען פיינטלעך די פריצים),—ווי אַזוי האָט ער געקאָנט איינשטיין קעגן דעם רוף פון דער קאָמונע צו די לעבנס-אינטערעסן פון די דרינגענדיקסטע באַדערפענישן פון די פויערים.

די פריצים—און פאַר דעם האָבן זיי מער פון אַלץ מוירע געהאַט—האָבן אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, אז אויב דער קאָמונאַלער פאַריז וועט זיך אין מעשעך פון דריי כאַדאָשים פריי פאַרקערן מיט די פראָווינצן, וועט אויסברעכן אַן אלגעמיינער פויערים-אויפשטאַנד. מיט דעם דערקלערט זיך זייער פּאַכדאַנישע איילעניש ארומרינגלען פאַריז מיט אַ פּאָליציייאישער בלאָקאַדע, קעדיי צו שטערן דער פאַרשפּרייטונג פון דער מאַגייפע.

אויב, הייסט עס, די קאָמונע איז געווען די עמעסע פאָרשטייערין פון אלע געזונטע עלעמענטן פון דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט און דעריבער אויך די בעמעס נאַציאָנאַלע רעגירונג, איז זי גלייכצייטיק, אלס א רעגירונג פון ארבעטער, אלס די דרייסטע קעמפער פאַר דער באַפרייאונג פון ארבעט, געווען אינטערנאַציאָנאַל אין פולן זינען פונם דאָזיקן וואָרט. פאַר די אויגן פון דער פרייסישער ארמיי, וואָס האָט אַנעקסירט פאַר דייטשלאַנד צוויי פראַנצויזישע פראָווינצן, האָט די קאָמונע אנעקסירט פאַר פראַנקרייך די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט.

די צווייטע אימפעריע איז געווען דער יאָנטעוו פון קאָסמאָפּאָליטישער שווינדלעריי, די שווינדלער פון אלע לענדער האָבן זיך א וואָרף געטאָן אף איר רוף, קעדיי צו נעמען אן אָנטייל אין אירע אָרגיעס און אין בארויבן דאָס פראַנצויזישע פאָלק. אפילע נאָך איצט איז גאַנעסקאַ, א וואַלאַכישער שווינדלער, טיערס רעכטע האַנט, און מאַרקאָווסקי, א רוסישער שפּיאָן—זיין לינקע האַנט. די קאָמונע האָט געגעבן אלע אויסלענדער די עירע צו פאַלן פאַר אַן אומשטערבלעכער זאַך. „די בורזשואַזיע האָט באַוויזן פאַר דער צייט צווישן דער אויסערלעכער מילכאָמע, וואָס איז פאַרשפּילט געוואָרן צוליב איר פאַראַט, און דעם בירגער-קריג, וואָס האָט אויפגעפלאַקערט צוליב איר פאַרשווערונג מיטן ג[illegible]רעמדן באַצווינגער, פאַר דער צייט האָט זי באַוויזן אַרויסצואווייזן איר פּאַטריאָטיזם דורך אָרגאַניזירן א פּאָליציייאישע העצעריי קעגן די דייטשן איבער גאַנץ פראַנקרייך. די קאָמונע האָט באַשטימט אַ דייטש פאַר אַן אַרבעטס-מיניסטער. סאַ-

טיער, סאַי די בורזשואַזיע, סאַי די צווייטע אימפעריע פלעגן שטענדיק אָפּנאַרן די פּאָליאַקן דורך פיינקלינגענדיקע אויסדרוקן פון מיטגעפיל, אין דער ווירקלעכקייט האָבן זיי פאַראַטן פוילן צו רוסלאַנד און פלעגן טאָן רוסלאַנדס שמוציקע אַרבעט. די קאָמונע האט באערט די העלדישע זין פון פוילן דורך אַוועקשטעלן זיי בעראָש פון די פאַרטיידיקער פון פאַריז. און קעדיי שאַרפער אונטערצושטרייכן די נייע היסטאָרישע ערע, וועלכע זי האָט באַוואוסטזיניק געעפנט מיט זיך, האָט די קאמונע פאַר די אויגן פון די זיגרייכע פּרייסן, פון איין זייט, און דער באנאפּארטישער ארמיי מיט באָנאפּארטיסטישע גענעראַלן בעראָש, פון דער אַנדער זייט, פאַרניכטעט די וואנדאמער קאלאנע, אָט דעם קאלאסאלן סימוואל פון מיליטערישן רום.

דאס גרויסע קאלאסאלע מאסמיטל פון דער קאמונע איז געווען איר אייגענע עקזיסטענץ, איר אַרבעט. די איינצלנע מאסמיטלען, וועלכע זי פלעגט אונטערנעמען, האָבן געקאָנט בלויז באַצייכענען די ריכטונג, אין וועלכער עס אנטוויקלט זיך די רעגירונג פונם פאָלק דורכן פאָלק גופע. צו זייער צאָל געהערן: דער פאַרבאט פון נאכט-אַרבעט פאַר בעקער, דער פארבאט, אונטער דראָונג פון שטראף, צו פאַרקלענערן דעם אַרבעטס-לוין דורך ארויפלייגן אונטער פאַרשיידענע טערוצים געלט-שטראפן אף די אַרבעטער—א געוויינלעכער שפּיצל פון די אונטערנעמער, וואָס פאַרייניקן אין איין פּערזאָן די געזעצגעבערישע, געריכטלעכע און אויספירערישע מאַכט און לייגן אַריין דאָס שטראָף-געלט צו זיך אין קעשענע. אַן ענלעך מאָסמיטל איז געווען דאָס, וואָס מע האָט איבערגעגעבן ארבעטער-אָרגאַניזאַציעס אלע וואַרשטאַטן און פאַבריקן, וואָס זייערע אייגנטימער זיינען אנטלאָפן אָדער האָבן אפגעשטעלט די אַרבעט, דערביי איז די אייגנטימער געגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו באקומען א קאָמפּענסאַציע.

די פינאנציעלע מאָסמיטלען פון דער קאָמונע, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אויסגערעכנטקייט און מעסיקייט, האָבן זיך געמוזט רעכענען מיט דער לאַגע, וואָס זיי האָבן געדאַרפט דורכגעפירט ווערן אין א באלאגערטער שטאָט. אונטער האסמאַנס[*] פאַרוואַלטונג האבן די גרויסע פינאנץ-קאמפּאַניעס און די בוי-אונטערנעמער אַזוי באַגאַנוועט פאַריז, אז די קאָמונע האָט געהאַט פיל מער רעכט צו קאָנפיסקירן זייערע פאַרמעגנס, איידער לואי-באנאפּארט דאָס פאַרמעגן פון דער אָרלעאנער פאַמיליע. די האהענצאלערנס און די ענגלישע אליגאַרכן, וואָס דער גרעסטער טייל פון זייער רייכקייט באַשטייט פון אָנגערויבטע קירכלעכע פאַרמעגנס, האָבן געשאטן פעך און שוועבל אף דער קאָמונע, וואס האָט באַקומען פון קאָנפיסקירן די קירכלעכע פאַרמעגנס נאר 8 טויזנט פראַנק.

אין דער צייט, ווען די ווערסאלער רעגירונג, ווי זי איז נאָר עטוואָס געקומען צו זיך און האָט זיך פאַרפעסטיקט, האָט אָנגעהויבן אָנעמען קעגן דער

*) דער באַראָן האסמאַן (Haussmann) איז בעאַיים דער צווייטער אימפעריע געווען פּרעפעקט פון סענער דעפּארטאמענט, ד. ה. פון דער שטאָט פאַריז. ער האָט דורכגעפירט א ריי ארבעט-אף דורכצולייגן נייע גאַסן און אז. וו., מיטן ציל צו פארגרינגערן דעם קאַמף מיט ארבעטער-אויפשטאַנדן, אנמ. צו דער איבערז.

קאָמונע די געוואַלטזאַמסטע מיטלען; אין דער צייט ווען זי האָט געשטיקט דעם פרייען מיינונגען-אויסדרוק אין גאַנץ פראַנקרייך און האָט אפילו פאַרווערט די פאַרזאַמלונגען פון די דעלעגאַטן פון די גרויסע שטעט; אין דער צייט, ווען זי האָט פאַרפירט א שפּיאָנאַזש אין ווערסאַל און אין גאַנץ פראַנקרייך און דערביי אין א פיל גרעסערער מאָס, איידער אין די צייטן פון דער צווייטער אימפּע- ריע; אין דער צייט, ווען זי פלעגט מיט דער הילף פון אירע זשאַנדאַרמען- אינקוויזיטאָרן פאַרברענען אַלע צייטונגען, וואָס פלעגן דערשיינען אין פאַריז און פלעגט עפענען אלע בריוו פון פאַריז און קיין פאַריז; אין דער צייט, ווען די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג פלעגט אַף יעדן שרעקיקן פּרואוו צו זאָגן א וואָרט לעטוּוועס פאַריז ענטפערן מיט אַזאַ ווילדן געפילדער, אַן אומגעהערטן אַפילו אין דער פראַנצויזישער קאַמער פון 1816-טן יאָר; אין דער צייט, ווען די ווער- סאַלער האָבן געפירט א בלוטדורשטיקע מילכאָמע אויסווייניק און האָבן גע- זוכט מיט דער הילף פון אונטערקויפן און פאַרשווערונגען אַריינצודרינגען אינע- ווייניק אין פאַריז,—צי האָט דען די קאָמונע געקאָנט באַ אַזעלכע באַדינגונגען אָפּהיטן, ניט בויגעד זייענדיק אין איר באַרוף, אַלע אנשטענדיקייט-פאָרמען פון ליבעראַליזם, ווי אין א טיפער שאָלעם-צייט? אויב די רעגירונג פון דער קאָמונע וואָלט געווען לויט איר גייסט קרויוויש צו טיערס רעגירונג, וואָלט קיין שום סיבע ניט געווען צו פאַרווערן די צייטונגען פון דער אָרדענונגס- פאַרטיי אין פאַריז און די צייטונגען פון דער קאָמונע אין ווערסאַל.

נאַטירלעך, אַז די דעפּוטאַטן פון דער „פראַנצויזישער-קאַמער” זיינען געווען אויסער זיך, וואָס גראָד אין דער צייט, ווען זיי האָבן דערקלערט, אַז דאָס איינציקע מיטל צו ראַטעווען פראַנקרייך איז אומקערן זיך צוריק צו דער קירך — האָט די אומגלויביקע קאָמונע אנטדעקט די סודעס פונם פּיקפּוסן פרויען-מאַנאַ- סטיר און פון דער קירך אפן נאָמען פונם הייליקן לאָווערענטי. עס איז געווען א סאַטירע אף טיערן, וואָס אין דער צייט, ווען ער האָט געשאַפן אף רעכטס און לינקס צלאָמים פונם ערן-לעגיאָן אף די באָנאַפּאַרטיסטישע גענעראַלן פאַר זייער בעריעשקייט צו פאַרשפּילן שלאַכטן, אונטערצושרייבן קאַפּיטולאַציעס און צו מאַכן פּאַפּיראָסן אין ווילהעלמס-העע, פלעגט די קאָמונע אַראָפּזעצן און אַרעסטירן אירע גענעראַלן, ווי נאָר אף זיי פלעגט פאַלן דער כשאַד, אַז זיי באַציען זיך נאַכלעסיק צום אויספירן זייערע היסכאַיוועסן. דאָס, וואָס די קאָמונע האָט אַראָפּגעזעצט און אַרעסטירט איינעם פון אירע מיטגלידער, וועלכער האָט זיך אַריינגעגאַנוועט אין איר אונטער אַן אויסגעטראַכטן נאָמען און איז פריער געווען אַרעסטירט אין ליאָן אין משך פון זעקס טעג פאַר אַן איינפאַכן באַנ- קראָט, צי איז דאָס ניט געווען א פּאַטש אין פּאָנים דעם פאַבריקאַנט פון פאַלשע דאָקומענטן, זשיול פאַוור, וואָס איז נאָך אַלץ געווען אויסערן-מיניסטער פון פראַנקרייך, וואָס האט פראַנקרייך פאַרקויפט ביסמאַרקן, וואָס האָט דיקטירט באַפעלן דער אומפאַרגלייכלעכער בעלגישער רעגירונג? די קאָמונע האָט דער- פאַר ניט פּרעטענדירט אף אומזינדיקייט, ווי אַלע אַן אויסנאַם אַלטע רעגירונ- גען. זי פלעגט פאַרעפנטלעכן אַלע רעדעס, אַלע אירע מאַיסים; זי פלעגט ניט באַהאַלטן פונם עולם אַלע אירע אומפולקומענהייטן.

יעדע רעוואָלוציע רוקט ארויס, צוגלייך מיט אירע עמעסע פאָרשטייער, אויך מענטשן פון אן אנדער שניט. פון איין זייט, זיינען דאָס מענטשן, וועלכע האָבן געשפּילט א ראלע אין די פריערדיקע רעוואָלוציעס, מיט וועלכע זיי זיינען זיך צוזאַמענגעוואַקסן: זיי פאַרשטייען ניט דעם זינען פון דער איצטיקער באַוועגונג, נאָר דאך האָבן זיי א גרויסע ווירקונג אַפן פאלק, צוליב זייער באוואוסטן מוט, פערזענלעכן כאַראַקטער, אָדער צוליב איינפאַכער טראַדיציע. פון דער אַנדער זייט, זיינען דאס פאשעטע שרייער, וואָס כאזערן יאָרן־לאַנג איבער זייערע אויסגעדראָשענע פראַזן קעגן דער עקזיסטירנדיקער רעגירונג און באַקומען, אַדאַנק דעם, דעם נאָמען רעוואָלוציאָנערן פונם העכסטן סארט. אויך נאָך דעם 18-טן מאַרט האָבן זיך באַוויזן אף דער ליכטיקער וועלט אזעלכע מענטשן און האָבן אַפילע געשפּילט אין אייניקע פאַלן אן אנגעזעענע ראָלע. אף וויפל זיי זיינען געווען בעקויעך, פלעגן זיי פאַרהאלטן די ווירקלעכע באַוועגונג פונם אַרבעטער-קלאַס, פונקט ווי זיי פלעגן שטערן דער פולקומענער אנטוויקלונג פון אלע פריערדיקע רעוואָלוציעס. אַזעלכע מענטשן זיינען אן אומפאַרמיידלעכע צאָרע; מיט דער צייט ווערט מען פּאָטער פון זיי; אָבער גראָד אָט די צייט האט די קאָמונע ניט געהאַט אין איר רעשוס.

בעעמעס וואונדערבאר איז דאָס, וואס די קאָמונע האָט אינגאַנצן איבערגעאנדערשט פאַריז! קיין זייכער איז ניט פאַרבליבן פונם אויסגעלאַסענעם פאַריז פון דער צווייטער אימפעריע. פאַריז האָט אויפגעהערט צו זיין דער זאמלפּונקט פאַר ענגלישע ערד-אייגנטימער, פאר אירלענדישע אבסענטעאיסטן, פאָר די אמעריקאַנישע עקס-קנעכט-אייגנטימער און אויפגעקומענע, פאר די רוסישע עקס-לייב-אייגנטימער און וואלאכישע באיארן. אין מאָרג איז ניט פאַראַן קיין איין טויטער קערפּער, ניט פאַראַן מער קיין באנאכטיקע גזיילעס, ניט פאַראַן אַפּילע קיין איין גנייווע; זינט די פעווראל-טעג פון 1848-טן יאָר זיינען די פאַריזער גאַסן דאָס ערשטע מאָל געוואָרן ווירקלעך רואיק און זיכער, האָגאַם אף זיי איז ניט געווען קיין שום פּאָליציי. „מיר, האָט געזאָגט א מיטגליד פון דער קאָמונע, הערן שוין איצט ניט וועגן דערמאָרדונגען, וועגן גזיילעס און פאַרברעכנס קעגן פערזענלעכקייט; מע קאָן טאַקע מיינען, אַז די פּאָליציי האָט מיטגענומען מיט זיך קיין ווערסאל אלע אירע קאָנסערוואַטיווע פריינט". די קאָקעטינס האָבן זיך נאָכגעשלעפּט נאָך זייערע באשיצער, נאָך אט די זיילן פון פאַמיליע, רעליגיע און באַזונדערס אייגנטום, וואָס האָבן געמאַכט פּלייטע. זייער אָרט האָבן פאַרנומען די ווירקלעכע פרויען פון פאַריז, פונקט אזעלכע העלדישע, גרויסמוטיקע און מעסירעס-נעפעשדיקע, ווי די פרויען פונם אַלטערטום. דער ארבעטנדיקער, דענקנדיקער, קעמפנדיקער, מיט בלוט אויסגייענדיקער, נאָר באַלייכטער פון דער באַגייסטערונג פונם באַוואוסטזיין פון זיין היסטאָרישע איניציאַטיוו, האָט פאַריז קימאַט פאַרגעסן אן די מענטשנפרעסער, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר זיינע טויערן און האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן דער אַרבעט פון צוגרייטן א נייע געזעלשאַפט!

און פאָנים על פּאָנים מיט אָט דער נייער וועלט פון פאַריז איז געשטאַנען די אַלטע וועלט פון ווערסאַל, אָט די פאַרזאַמלונג פון אויסוואורפן פון

אַלע אפגעלעבטע אָרדענונגען, לעגיטימיסטן און אָרלעאַניסטן, וואָס לעכצן צו צערייסן דעם טויטן קערפּער פונם פאָלק,—מיט אן עק פון פאַרמאַבלדיקע רע-פּובליקאַנער, וואָס דורך זייער זיין אין פאַרלאַמענט האָבן זיי געשטיצט די מערידע פון די קנעכט-אייגנטימער, וואָס האָבן געהאָפט, אַז, אַדאַנק דעם, וואָס אין שפּיץ פון דער רעגירונג געפינט זיך דער באַיאָרטער אָרלעקין, וועט אײַנ-געהאלטן ווערן זייער פאַרלאַמענטאַרישע רעפּובליק, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם, וואָס זיי פלעגן פאַראַדירן דאָס 1789-טע יאָר דורך זייערע געהיימ-ניספולע פאַרזאַמלונגען אין Jeu de Paume (א זאַל אף צו שפּילן אין באַלן, וואו די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג פון 1789-טן יאָר האָט אָנגענומען אירע באַוואוסטע באַשלוסן). אט די פאַרזאַמלונג, וואָס האט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַלץ, וואָס עס איז אפגעשטאָרבן אין פראַנקרייך, האָט אָנגענומען די פּאָזע, אַז זי לעבט נאָך קלוימערשט, נאָר אַדאַנק דעם, וואָס זי האָט זיך געשטיצט אף די שווערדן פון לואי באנאפּאַרטס גענעראַלן. פּאַריז איז איינגאַנצן עמעס, ווערסאַל איז דורכויס פאַלשקייט, און דער אָנזאָגער פון אָט דער פאַלשקייט איז געווען טיער.

טיער האָט געזאָגט א דעפּוטאַציע פון די בורגמיסטערס פון די דעפּאַר-טאַמענטן סענע און אואזע אָט וואס: „איר קאָנט זיך פאַרלאָזן אף מיין וואָרט, קיינמאָל נאָך האָב איך ניט געבראָכן מיין וואָרט". דער פאַרזאַמלונג האָט ער געזאָגט, אז זי איז „די פריי אויסגעקליבענע און ליבעראַלסטע פאַרזאַמלונג, וועלכע איז ווען ס'ניט איז געווען אין פראַנקרייך"; די פילפאַרביקע מאַכנעס האָט ער געזאָגט, אַז זיי זיינען „דער וואונדער פון דער וועלט און די בעסטע אַרמיי, וועלכע פראַנקרייך האָט ווען ס'ניט איז געהאט"; די פּראָ-ווינצן האָט ער געזאָגט, אַז די באָמבאַרדירונג פון פּאַריז איז אן אויסגעטראַכטע מאַיסע: „אויב עטלעכע באַמבעס זיינען פאָרט ארייננעפאַלן, האָט עס געשאַסן ניט די ווערסאַלער אַרמיי, נאָר די מוירדים, וועלכע האָבן געוואָלט באַווייזן, אַז זיי שלאָגן זיך, אין דער צייט ווען אין דער ווירקלעכקייט האָבן זיי מוירע געהאַט ארויסצושטעקן די נאָז". און שפּעטער האָט ער ווידער געזאָגט די פּראַנ-צויזן: „די אַרטילעריע פון ווערסאַל באַמבאַרדירט ניט פּאַריז, זי שיסט בלויז פון האַרמאַטן". דעם פּאַריזער אַרציבישאָף האָט ער געזאגט, אַז אַלע צעשיסונ-גען און רעפּרעסיעס (!), אין וועלכע מע באַשולדיקט די ווערסאַלער אַרמיי, זיינען אן אויסגעטראַכטע מאַיסע. ער האָט דערקלערט פּאַריז, אַז ער האָט בלויז בעדייע „צו באַפרייען אים פון די עקלהאַפטע טיראַנען, וועלכע אונטערדריקן אים", און אַז פּאַריז פון דער קאָמונע איז אין דער ווירקלעכקייט „בלויז א הייפעלע פאַרברעכער".

טיערס פּאַריז איז ניט געווען דער ווירקלעכער פּאַריז פונם „געמיינעם האַמוין", נאָר א פאַנטאַסטישער פּאַריז, דער פּאַריז פון שווינדלער, דער פּאַריז פון בולוואַר-ליידיקגייער פון ביידע געשלעכטן, דער רייכער, קאַפּיטאַ-ליסטישער, באַגילטער, פוילער פּאַריז, וואָס האָט איצט, מיט זיינע מעשאָרסים, שווינדלער, ליטעראַרישער באָהעמע און קאָקעטקעס פאַרפולט ווערסאַל, סען-דעני, ריועל און סען-זשערמען. פאַר זיי איז דער בירגער-קריג געווען בלויז

אַן אינטערעסאַנטע אינטערמעדיע; זיי האָבן דורך א קוק=רער געקוקט אף דער
שלאַכט, פלעגן ציילן די הארמאַטן-שאסן און פלעגן שווערן בא דער ערע פון
זיך אַליין און פון זייערע אויסגעלאָסענע פרויען, אַז דער ספעקטאַקל אין
אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַן אַן ערעך בעסער, איידער אין טעאַטער פארט סען-
מארטען. די דערמאָרדעטע זיינען דאָך געווען אין דערעמעסן טויט, די גע=
שרייען פון די פאַרוואונדעטע זיינען דאָך ניט געווען קיין געפעלשטע, און די
דראַמע, וואָס האָט זיך אָפגעשפילט פאַר זייערע אויגן, איז דאָך טאַקע געווען
אַ וועלט-היסטאָרישע דראַמע.

אט אזא איז געווען פאַריז פונם הערן טיער, פונקט ווי די קאָבלענצער
עמיגראַציע איז געווען פראַנקרייך פונם הערן דיו-קאַלאַן.

IV.

דער ערשטער פרואוו פון דער קנעכט-אייגנטימערישער פאַרשווערונג צו
באַקעמפן פאַריז, פאַרנעמענדיק אים דורך דעם פריסישן מיליטער, האָט זיך ניט
איינגעגעבן צוליב דעם, וואָס ביסמאַרק האָט זיך אָפגעזאָגט. דער
צווייטער פרואוו, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דעם 18-טן מאַרט, האָט זיך גע-
ענדיקט מיט דער מאפאלע פון דער ארמיי און מיט דעם, וואָס די רעגירונג
איז אנטלאָפן קיין ווערסאַל, וואוהין עס האָט געמוזט אוועקגיין נאָך איר אויך
די גאַנצע אַדמיניסטראַציע. אָפנארנדיק דורך קלוימערשטע שאָלעם=אונטער-
האַנדלונגען מיט פאַריז, האָט טיער געוואונען צייט אף צוצוגרייטן אַ מילכאָמע
קעגן פאַריז. וואו נעמט מען אָבער אן אַרמיי? די רעשטן פון די ליניע-
פאָלקן זיינען געווען קליין אין צאָל, און, אכוץ דעם, האָט מען ניט געקאָנט
טרויען זייער שטימונג. אף זיינע דרינגענדיקע רופן צו די פראָווינצן קומען צו
הילף ווערסאַל מיט זייערע נאַציאָנאַלע גוואַרדייער און פרייוויליקע פלעגט מען
אים ענטפערן מיט אן אָפענעם אָפזאג. בלויז ברעטאַן האָט צוגעשיקט א הויפן
שואנען, וועלכע האָבן זיך געשלאָגן אונטער א ווייסער פאַן. יעדער פון זיי
פלעגט טראָגן אף דער ברוסט א קאמייע מיט קריסטוסעס הארץ און זיין שלאַכט-
געשריי איז געווען ! Vive le roi (זאָל לעבן דער קעניג!). אף אזא אויפן, האָט
טיער געמוזט אין גרויס איילעניש צונויפקלייבן א פאַרשיידן-פארביקע באַנדע
פון מאטראָסן, יאָם=סאָלדאַטן, פויפסטלעכע זואוון, וואליאנטענס זשאנדארמען,
פיעטרוס פאָליציאנטן און שפיאָנען. דידאָזיקע ארמיי וואָלט אָבער געווען ביז
צום לאכן נישטיק , אויב ניט די אימפעריאליסטישע קריגס=געפאַנגענע, וועלכע
פלעגן ביסלעכווייז אנקומען און וועלכע ביסמאַרק פלעגט אויסטוישן אף פריי-
סישע קריגס=געפאַנגענע אין אזא צאָל, עס זאָל, פון איין זייט, זיך קאָנען
אָנהויבן דער בירגער-קריג, און מע זאָל קאָנען, פון דער אנדער זייט, שטענ-
דיק האלטן ווערסאַל אין קנעכטישער אפהענגיקייט פון פרייסן. אין משך פון
דער מילכאָמע גופע האָט די ווערסאַלער פאָליציי געמוזט אכטונג געבן איבער
דערדאָזיקער ארמיי, און די זשאַנדאַרמען האבן געמוזט זי שטענדיק מיטרייסן
מיט זיך, דורך דעם, וואָס זיי פלעגן אומעטום אליין זיך שטעלן אף די גע-
פערלעכסטע פאסטנס. די פארטן, וואָס זיינען געפאַלן, זיינען ניט איינגענומען,
נאָר געקויפט געוואָרן. דער העלדנמוט פון די קאָמונארן האָט באַוויזן טיערן,

אַזי אַף בייצוקומען דעם ווידערשטאַנד פון פּאַריז איז ניט גענוג ניט זיין איי־גענער סטראַטעגישער געני, ניט די צאָל באַגנעטן, וועלכע ער האָט אין זיין רעשוס.

און זיינע באַציאונגען מיט די פּראָווינצן זיינען אין דערזעלבער צייט געוואָרן אַלץ ערגער. עס איז ניט אנגעקומען קיין איין מיטגעפיל־אדרעס, וואָס זאָל אויפמונטערן טיערן און זיינע גוטס־באַזיצער. גראָד פאַרקערט. פון אלע זייטן פלעגן אָנקומען דעפּוטאציעס און אדרעסן, וואָס פלעגן פאָדערן, און ווייט ניט אין א בעקאוועדיקן טאָן, צו מאַכן שאָלעם מיט פּאַריז אפן יעסאָד פון ניט צווייַדייטיקן אנערקענען די רעפּובליק, באַשטעטיקן די קאָמונאלע פרייהייטן און פאנאנדערלאָזן די נאַציאָנאלע פאַרזאמלונג, וואָס אירע פולמאכטן זיינען שוין אויסגעגאַנגען. דעפּוטאַציעס און אַדרעסן פלעגן אָנקומען אין אזאַ גרויסער צאָל, אַז דיופאַר, טיערס יוסטיץ־מיניסטער, האָט געהייסן די מלוכע־פּראָקוראָרן אין זיין צירקוליאַר פון 23־טן אַפּרעל צו באַטראַכטן יעדן „רוף צו מאַכן שאָלעם", ווי אַ פאַרברעכן! נעמענדיק אָבער אין באַטראַכט די האָפענונגסלאָזע פּערספּעקטיוו פון זיין מאַכט קעגן פּאַריז, האָט טיער באַשלאָסן צו ענדערן זיין טאַקטיק און האָט באַשטימט אפן 30־טן אַפּרעל מוניציפּאלע וואַלן איבערן גאַנצן לאַנד, לויטן נייעם געזעץ, וועלכן ער האָט אָנגעבונדן דער נאַציאָנאַלער פאַרזאמלונג. ווירקנדיק דאָ דורך אינטריגעס פון זיינע פּרעפעקטן, דאָרט דורך דראָונגען פון זיין פּאָליציי, איז ער געווען גאַנץ זיכער, אַז די וואַלן אין דער פּראָווינץ וועלן געבן דער נאציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אזא קראַפט, וועלכע זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאט, און אז ער וועט באַקומען פון די פּראָווינצן די מאַטעריעלע קראַפט, אין וועלכער ער האָט זיך גענויטיקט אף צו באַזיגן פּאַריז.

זיין רויבערישע מילכאָמע קעגן פּאַריז, וועלכע ער פלעגט לויבן אין זיינע אייגענע ביולעטענען, און די פּרואוון פון זיינע מיניסטאָרן איינצושטעלן אין גאַנץ פראַנקרייך א נייע עפּאָכע פון טעראָר־רעזשים, האָט טיער גלייך פון אנהויב אן געהאלטן פאַר נויטיק צו דערגאַנצן דורך א קליינער קאָמעדיע פון מאַכן שאָלעם, וועלכע האָט געזאלט דינען עטלעכע צילן. זי האט געזאָלט אפּנאַרן די פּראַווינץ, צוציען צו אים דעם מיטל־קלאַס פון פּאַריז און, דעריקער, געבן די לעפּאנימדיקע רעפּובליקאַנער פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג די מעגלעכקייט צו פאַרדעקן דורכן צוטרוי צו טיערן זייער פאַראַט בעגויגייע צו פּאַריז. דעם 21־טן מאַרט, ווען ער האט נאך ניט געהאַט קיין שום אַרמיי, האָט ער דערקלערט דער פאַרזאַמלונג: „זאל זיין, וואס עס וועט זיין, אבער איך וועל ניט שיקן קיין אַרמיי אף פּאַריז". דעם 27־טן מאַרט האָט ער דערקלערט: „איך האָב געפונען די רעפּובליק, אַלס אַ געשעענעם פאַקט, און איך האָב פעסט באַשלאסן צו באַשיצן זי". אין דער ווירקלעכקייט האט ער אין נאמען פון דער רעפּובליק דערשטיקט די רעוואָלוציע אין ליאָן און מאַרסעל, און זיינע גוטס־באַזיצער פלעגן אויפהויבן א געפילדער, ווי נאר זיי פלעגן דערהערן דאס ווארט „רעפּובליק". נאָך דערדאָזיקער גוואורע האט ער אנגעהויבן האלטן דעם געשעענעם פאַקט בלויז פאַר א פּראָיעקטירטן פאַקט. די ארלעאנישע פּרינצן, וועלכע ער האָט צוליב פאַרזיכטיקייט ארויסגעשטופּט פון בארדא, האבן

איצטער פריי אינטריגירט אין דרע, אפן אויווער זייענדיק דעם געזעץ. די באַדינגונגען, וועגן וועלכע טיער פלעגט ריידן אף זיינע אומענדלעכע באַראַטונגען מיט די פאַריזער און פראָווינציעלע דעלעגאַטן — ווי עס פלעגט זיך ניט ענדערן קעסיידער דער טאָן און די שאַטירונגען פון זיינע מעלדונגען, — פלעגן זיך שטענדיק אויסלאָזן מיט דעם, אַז מע דאַרף נעמען נעקאָמע „פון דעם הייסעלע פאַרברעכער, וועלכע האָבן גענומען אַן אַנטייל אינם דערמאָרדן קלעמאַן טאָמאַ און לעקאָנטן", דערביי האָט געדאַרפט זיין זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז פאַריז און פראַנקרייך האַלטן דעם הערן טיער גופא פאַר דער בעסטער רעפובליק, פונקט ווי ער האָט אין 1830-טן יאָר געהאַלטן לואי פיליפן פאַר דער בעסטער רעפובליק. און אין דידאָזיקע באַדינגונגען גופא, איז ניט נאָר וואָס ער אַליין פלעגט מאַכן, אַז מע זאָל דאַרפן צווייפלען אין זיי צוליב די אָפיציעלע מעלדונגען, מיט וועלכע זיינע מיניסטאָרן פלעגן אַרויסטרעטן אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, נאָר ער פלעגט נאָך אויך ווירקן דורך דיופאָרן. דיופאָר, אַט דער אַלטער אָרלעאַניסטישער אַדוואָקאַט, פלעגט בײַ יעדן באַלאַגערונגס-צושטאַנד זיין דער אויבער-ריכטער, אַזוי ווי איצט אין 1871-טן יאָר, אַזוי אויך אין די צייטן פון לואי באָנאַפּאַרטס פּרעזידענטשאַפט. ווען ער פלעגט ניט פאַרנעמען קיין שטעלע פון אַ מיניסטער, פלעגט ער ניסאַשער ווערן דורך פאַרטיידיקן די פאַריזער קאַפּיטאַליסטן, און פלעגט באַקומען דעם נאָמען פון אַ פאָליטישן טוער דורך אַרויסטרעטן קעגן דיזעלבע געזעצן, וועלכע ער האָט אַליין אַרויסגעגעבן. איצט, ניט באַנוגנדיק זיך מיט דעם, וואָס ער האָט דורכגעפירט דורך דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אַ ריי רעפּרעסיווע געזעצן, וועלכע האָבן געזאָלט, אין פאַל אויב פאַריז וועט פאַלן, אויסראָטן דאָרט די לעצטע רעשטן פון רעפובליקאַנישער פרייהייט, האָט ער אַזוי ווי אָנגעוויזן דעם קומענדיקן גורל פון פאַריז: אַזוי ווי די געשעפטס-פירעריי פון די קריגס-געריכטן האָט אים אויסגעוויזן פאַר אַ צו לאַנג-דויערנדיקער, האָט ער זי פאַרקירצט און האָט אַרויסגעגעבן אַ נייעם דראַקאָנישן געזעץ וועגן פאַרשיקונג. די רעוואָלוציע פון 1848-טן יאָר, וואָס האָט אָפּגעשאַפט טויט-שטראָף פאַר פאָליטישע פאַרברעכנס, האָט פאַרביטן טויט-שטראָף דורך פאַרשיקונג. לואי באָנאַפּאַרט האָט ניט געוואַגט, לעכאָלאַפּאַכעס אָפן ווידער אויפצושטעלן די הערשאַפט פון דער גילאָטינע. די פריצישע פאַרזאַמלונג, וואָס האָט נאָך ניט געהאַט גענוג מוט אַפילע געבן אַנצוהערעניש, אַז זי האַלט די פאַריזער איינוואוינער ניט פאַר מוירדים, נאָר פאַר מערדער, האָט זיך לעסאַטע געמוזט באַגרעניצן אין איר נעקאָמע קעגן פאַריז מיט דיופאָרס נייעם געזעץ וועגן פאַרשיקונג. בײַ אַזעלכע אומשטענדן וואָלט טיער ניט געקאָנט לאַנג ציען זיין קאָמעדיע פון מאַכן שאָלעם, ווען דידאָזיקע קאָמעדיע וואָלט ניט אַרויסגערופן, — און דאָס האָט ער טאַקע געוואָלט, — ווילדע צאָרן-געשרייען פון זיינע גוטס-באַזיצער, וועלכע האָבן, צוליב קליין-קעפּלדיקייט, ניט געקאָנט פאַרשטיין ניט זיין שפּיל, ניט די נויטיקייט פון זיין צוויעס, פאַלשקייט און איינגעהאַלטנקייט.

אַזוי ווי דעם 30-טן אַפּרעל האָבן געזאָלט פאָרקומען די געמיינדע-וואַלן, האָט טיער דעם 29-טן אָפּגעשפּילט איינע פון זיינע גרויסע סצענעס פון שאָלעם

שאַכן, אינם רעגן פון זיינע סענטימענטאַלע פראַזן האט ער אויסגעשריען אף דער טריבונע פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג: „די איינציקע פאַרשווערונג קעגן דער רעפובליק, וועלכע עקזיסטירט, איז די פאַרשווערונג פון פאַריז, און זי צווינגט אונז צו פאַרגיסן פראַנצויזיש בלוט. איך כאַזער איבער נאָכאַמאָל: זאָלן אוועקלייגן דאס זינדיקע געווער די, וואס עס האבן דאס אויפגעהויבן, און די שטראָף וועט גלייך אפגעשטעלט ווערן דורך אַ שאלעם-אָפּמאַך, פון וועלכן עס וועלן אויסגעשלאָסן ווערן בלויז דאס הייפעלע פאַרברעכער". אלס ענטפער אף די געשרייען פון די גוטס-באַזיצער, וואס פלעגן אים איבעררייסן, האט ער געזאגט: „זאגט מיר, מיינע הערן, איך בעט אייך זייער, צו בין איך אומגערעכט? צי באַדויערט איר ווירקלעך, וואס איך האב געקאנט זאגן דעם עמעס, אַז עס איז פאראן בלויז א הייפעלע פאַרברעכער? צי איז דען ניט קיין גליק בא אלע אונזערע אומגליקן, וואס אזעלכע מענטשן, וועלכע זיינען געווען פעאיק צו פאַרגיסן דאס בלוט פון קלעמאן טאמא און לעקאנט, זיינען בלויז זעלטענע אויסנאמען?"

פראַנקרייך איז אָבער געבליבן טויב צו טיערס רעדעס, צו אָט די קלאַנגען פון דער פאַרלאַמענטאַרישער סירענע, דורך וועלכע ער האָט געהאָפט צו באַצויבערן אַלעמען. און די 700 טויזנט מוניציפאַלע ראַטמענער, וועלכע זיינען אויסגעקליבן געוואָרן אין די 35 טויזנט געמיינדעס, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן בא פראַנקרייך, האָבן די פאַראייניקטע לעגיטימיסטן, אָרלעאַניסטן און באָנאַפאַרטיסטן ניט דורכגעפירט אַפילע קיין 8 טויזנט. די דערגאַנצונגס-וואַלן און די איבערוואַלן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר נאָך מער פיינטלעכע, די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט ניט נאָר ניט באַקומען פון די פראָווינצן די מאַטעריעלע הילף, אין וועלכער זי האָט זיך גענויטיקט, נאָר זי האָט אַפילע פאַרלאָרן דאָס לעצטע רעכט אף מאָראַלישער קראַפט; דאָס רעכט צו דינען, אלס דער אויסדרוק פון דער אַלגעמיינער אָפּשטימונג פון פראַנקרייך. און קעדיי צו פאַרענדיקן די מאפאלע, האָבן די אפּסניי אויסגעקליבענע ראַטן פון אלע פראַנצויזישע שטעט געדראָט דער אוזורפאטארישער פאַרזאַמלונג פון ווערסאַל מיט א קאנטער-פאַרזאַמלונג אין באָרדא.

און דאָ איז פאַר ביסמארקן געקומען דער לאַנג-דערוואַרטער מאָמענט אף ענערגיש זיך אַריינצומישן. מיט אַ טאָן פון א הערשער האָט ער געהייסן טיערן צו שיקן גלייך באַפולמעכטיקטע קיין פראַנקפורט אף ענדגילטיק צו שליסן שאלעם. מיט האכנאָע האָט טיער זיך געאיילט אויסצופירן געהאָרכזאם דעם באַפעל פון זיין האר און באַלעבאס און האָט געשיקט דעם געטרייען אים זשיול פאוור, צו וועלכן ער האָט צוגעגעבן פויע קערטיע. פויע קערטיע, א „באוואוסטער" בוימוואָל פאַבריקאנט, א הייסער און אַפילע קנעכטישער אָנהענגער פון דער צווייטער אימפעריע, וואָס האָט אין איר קיין שום שלעכטס ניט איינגעזען, אכוץ דעם האנדלס-אָפּמאַך מיט ענגלאַנד, וועלכער האָט געבראַכט שאדן זיינע אייגענע אינטערעסן, אלס פאַבריקאַנט. ווי נאָר ער איז נאך אין באָרדאָ באשטימט געוואָרן פאַר אַ פינאַנץ-מיניסטער, האָט ער זיך גלייך אָנגעהויבן קלאגן אף זאט דעם „אומגליקלעכן" אפמאך, פלעגט געבן אָנצוהערעניש,

אַז ער וועט גלייך אפגעשאַפט ווערן, איז אַפילע געווען אַף אַזוי פיל אומ-פאַרשעמט, אַז ער האָט זיך געפּרואיוט, האַגאַם אומזיסט (ווייל ער האָט געמאַכט דעם כעשבן אָן ביסמאַרקן), ווידער איינצופירן די אַלטע שוץ-טאַריפן קעגן עלזאַס, וואָס צו דעם האָבן, ווי ער האָט געזאָגט, דעמאָלט נאָך ניט געשטערט קיינע שום צווישן-פעלקערלעכע אפמאכן. אָט דער נעפּעש, וואָס די קאָנטער-רעוואָלוציע האָט ער געהאלטן פאַר א מיטל אראָפּצוזעצן דעם אַרבעטס-לוין אין רואַן, און דאָס אָפּגעבן פראַנצויזישע פּראָווינצן פאר א מיטל אויפצושרויפן די פּרייזן אַף זיינע סכוירעס אין פראַנקרייך, צי איז ער דען ניט געווען קיין ווירדיקער כאווער פון זשיול פאוור אין זיין לעצטן פאראט, וואָס האָט געקרוינט זיין גאַנצע זאַך?

ווען אָט דאָס ליבע פּאָרל באפּולמעכטיקטע איז אָנגעקומען קיין פראַנק-פורט, האט ביסמאַרק גלייך, ווי זיין מינהעג איז, א קאָמאַנדע געטאָן: „אָדער די ווידעראויפשטעלונג פון דער אימפּעריע, אָדער אָן טאַינעס אנעמען מיינע שאָלעם-באַדינגונגען!" דידאַזיקע באַדינגונגען זיינען באַשטאַנען אין פארקירצן די טערמינען פון איינצאָלן די מיליטערישע קאָנטריבוציע און אין פארנעמען די פּאַריזער פּאָרטן דורכן פּרייסישן מיליטער, ביז ביסמארק וועט ניט זיין צופרידן מיט דער זאכלאַגע אין פראַנקרייך — אַזוי, אַז פּרייסן איז אנערקענט געוואָרן פאר דעם אויבער-ריכטער פון די אינערלעכע איניאָנים פון פראַנקרייך! פאר דעם איז ער גרייט געווען צו באפרייען פון געפאַנגענשאַפט די באָנאַפּאַרטיסטישע ארמיי און דירעקט צו שטיצן זי מיטן מיליטער פונם קייסער ווילהעלם. אלס אָרוועס, אַז ער וועט האַלטן וואָרט, האָט ער אָפּגעלייגט די ערשטע ראַטע פון דער קאָנטריבוציע, ביז אין פּאַריז „וועט ניט איינגעשטעלט ווערן שאָלעם". נאטירלעך, אז טיער און זיינע באפולמעכטיקטע האבן זיך מיט גיריקייט אנגעכאפּט פאר אזא מין לעקעכל. צום 10-טן מאַי האבן זיי אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך און האָבן אנגענומען מיטלען, אז דעם 21-טן זאל ער שוין באשטעטיקט ווערן דורך דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג.

אין דער צייט, וועלכע איז פאָריבער, זינט עס איז געשלאָסן געוואָרן דער שאָלעם, ביז עס זיינען אָנגעקומען די באָנאַפּאַרטיסטישע געפאַנגענע, האָט טיער געהאַלטן פאַר באַזונדערס נויטיק ווייטער צו שפּילן זיין קאָמעדיע פון שאָלעם מאַכן, באַזונדערס נאָך, אַז זיינע רעפּובליקאַנישע טעלער-לעקער האָבן זיך שטאַרק גענויטיקט אין אַ פּאַסיקן אויסרייד אַף צו פאַרמאַכן די אויגן אַף די האַכאָנעס צו דער בלוט-באָד אין פּאַריז. נאָך דעם 8-טן מאַי האָט ער געענטפערט אַ דעפּוטאַציע פון מיטל-קלאַס, וואָס האָט אים געוואָלט איינריידן מאַכן שאָלעם: „ווי באַלד די מוירדים וועלן אַיינגיין אַף קאַפּיטולירן, וועלן די טויערן פון פּאַריז אין מעשעך פון אַ וואָך זיין אָפן פאַר אַלעמען, אַכוץ די מערדער פון קלעמאַן טאמא און לעקאָנט".

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען די פריצים האָבן געפאָדערט פון אים דערקלערונגען וועגן דעמדאָזיקן צוזאָג, האָט ער זיך אַרויסגעדרייט פון אַן ענטפער, נאָר ער האָט פּולדייטיק צוגעגעבן: „איך זאָג אייך, אַז צווישן אייך זיינען פאַראַן אומגעדולדיקע, וואָס איילן זיך שוין צופיל. אָט די דאַרפן צו-

וואַרטן נאָך אַ וואָך; צום סאָף פון דערדאָזיקער וואָך וועט שוין מער קיין שום געפאַר ניט זיין, און די אויפגאַבע וועט זאַנטשפרעכן זייער אַנטשלאָסנקייט און זייערע פעאיקייטן". ווי נאָר מאַק-מאַהאָן האָט אים געקאָנט צוזאָגן, אַז ער וועט איינגיכן אַריינטרעטן אין פּאַריז, האָט טיער דערקלערט דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, אַז ער „וועט אַריינגיין קיין פּאַריז מיטן געזעץ אין די הענט און וועט פאָדערן, אַז די אויסוואורפן, וואָס האָבן פאַרגאָסן דאָס בלוט פון סאָלדאַטן און האָבן צעשטערט עפנטלעכע דענקמעלער, זאָלן באַצאָלן פאַר זייערע פאַרברעכנס". ווען עס איז געקומען דער אנטשיידנדיקער מאָמענט, האָט ער געזאָגט דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג: „איך וועל זיין אומבאַרמהאַרציק צו פּאַריז, דער אורטייל איבער אים איז שוין אַרויסגעטראָגן געוואָרן"; און זיינע באַנאַפּאַרטיסטישע באַנדיטן האָט ער געזאָגט, אַז די רעגירונג דערלויבט זיי אָפּצורעכענען זיך מיט פּאַריז, וויפל זייער האַרץ גלוסט. און, לעסאָף, ווען דעם 21-טן מאַי האָט אַ פאַראַט געעפנט פאַרן גענעראַל דועי די טויערן פון פּאַריז, האָט טיער דעם 22-טן אַנטדעקט זיינע „פּריצים" דעם „ציל" פון זיין קאָמעדיע וועגן שאָלעם מאַכן, וועלכע זיי האָבן אַזוי איינגעשפּאַרט ניט געוואָלט פאַרשטיין. „איך האָב אייך מיט עטלעכע טעג צוריק געזאָגט, אַז מיר דערנעענטערן זיך צום ציל; היינט בין איך געקומען צו זאָגן, אַז דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן. אָרדענונג, גערעכטיקייט און ציוויליזאַציע האָבן געזיגט".

און דאָס איז טאַקע געווען אַ זיג. די ציוויליזאַציע און גערעכטיקייט פון דער בורזשואַזער אָרדענונג טרעטן אַרויס אין זייער עמעסן, שרעקנפולן ליכט, ווען די קנעכט פון דערדאָזיקער אָרדענונג שטייען אויף קעגן די האַרן. דעמאָלט שטעלן זיך פאָר די דאָזיקע ציוויליזאַציע און גערעכטיקייט, אַלס אומפאַרדעקטער באַרבאַריזם און געזעצלאָזיקע נקאָמע. יעדער נייער קריזיס אינם קלאַסן-קאַמף צווישן די, וואָס נעמען צו פאַר זיך די רייכקייטן, און די, וואָס אַרבעטן זי אויס, באַווייזט אַלץ בולעטער דעמדאָזיקן פאַקט. אַפילע די מיעסע מאַיסים פון דער בורזשואַזיע פון יוני 1848-טן יאָר זיינען אַ קינדערשפּיל לעגאַבע די נידערטרעכטיקייטן פון 1871-טן יאָר. די מעסירעס-נעפעש, מיט וועלכער די פּאַריזער באַפעלקערונג—מאַנטבילן, פרויען און קינדער—האָט געקעמפט נאָך אַ גאַנצע וואָך נאָכדעם, ווי די ווערסאַלער האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט, שפּיגלט פונקט אַזוי אָפּ די גרויסקייט פון איר זאַך, ווי די אַכזאָרישע מאַיסים פון דער סאָלדאַטעסקע שפּיגלען אָפּ דעם איינגעבאָרענעם גייסט פון יענער ציוויליזאַציע, די געדונגענע פאַרטיידיקער און נעקאָמע-נעמער פון וועלכער זי איז געווען. אין דער עמעסן טאַקע, אַ רומפולע ציוויליזאַציע, וואָס איר לעבנס-פראַגע באַשטייט אין פאָלגנדיקן: וואו טוט מען אַהין די בערג טויטע קערפּער פון די מענטשן, וואָס זי האָט דערמאָרדעט!

קערייי צו געפינען עטוואָס ענלעכעס צו דער אויפפירונג פון טיערן און פון זיינע טאַליאָנים, דאַרף מען זיך אומקערן צו די צייטן פון סולא און פון ביידע רוימישע טריאומוויראַטן. דיזעלבע קאַלטבלוטיקע מאַסן-האַריגעס; דיזעלבע גלייכגילטיקע באַציאונג פון די הענקער צום עלטער און געשלעכט; דיזעלבע

סיסטעם צו פייניקן די געפאַנגענע, דיזעלבע רעפּרעסיעס, אָבער דאָס מאָל שוין קעגן אַ גאַנצן קלאַס; דיזעלבע ווילדע העצעריי קעגן די זיך באַהאַלטענע פירער, קעדיי קיין איינער פון זיי זאָל זיך ניט ראַטעווען; דיזעלבע מעסירעס אַף פּאָליטישע און פּריוואַטע סאָנים; דאָסזעלבע גלייכגילטיקע אויסהאַרגענען מענטשן, וואָס האָבן קיין שום שאַיכעס ניט צום קאַמף. נאָר איין אונטערשייד איז פאַראַן, וואָס די רוימער האָבן ניט געהאַט קיין מיטראַליעזן אַף צו צעשיסן מאַכנווייז, און וואָס זיי „האָבן ניט געטראָגן אין די הענט קיין געזעץ" און האָבן ניט געהאַלטן אַף די ליפּן דאָס וואָרט „ציוויליזאַציע".

און נאָך אָט די מיעסע מאַיסים, גיט פאָרט אַ קוק אַף דער צווייטער, נאָך מער עקלהאַפטער זייט פון דערדאָזיקער בורזשואַזער ציוויליזאַציע, וועלכע איז באַשריבן אין איר אייגענער פּרעסע!

„אין דער צייט, שרייבט דער פּאַריזער קאָרעספּאָנדענט פון אַ לאָנדאָנער טאָרישער (קאָנסערוואַטיווער) צייטונג, ווען פון דער ווייטנס הערט זיך נאָך אַ שיסעריי, און פאַרוואונדעטע, וואָס מע האָט זיי געלאָזט אַף העפקער, גייען אויס צווישן די מאַצייוועס פונם בייסאַלמען פּער לאַשעז, אין דער צייט ווען 6 טויזנט דערשראָקענע מוירדים אין טויט-קאַמף פון פאַרצווייפלונג האָבן זיך פאַרבלאָנדזשעט אין די לאַבירינטן פון די קאַטאַקאַמבן, און מע זעט נאָך, ווי מע פירט די אומגליקלעכע איבער די גאַסן, קעדיי צו צעשיסן זיי מאַסנווייז פון מיטראַליעזן, — אין אַזאַ צייט איז אַ גרויל צו זעען, ווי די קאַווע-הייזער זיינען פאַרפולט מיט אַבסענט-טרינקער, מיט שפּילער אין ביליאַרד און דאָמינאָ; עס איז אַ גרויל צו זעען, ווי אויסגעלאַסענע פרויען שפּאַצירן בעראַכוועס אַרום איבער די בולוואַרן, און צו הערן, ווי עס הערן זיך הויכע אויסגעשרייען פון אָרגיעס פון די באַזונדערע קאַבינעטן פון די רייכע רעסטאָראַנען, געשרייען, וואָס שטערן די נאַכט-רואיקייט". דער הער עדואַרד הערווע שרייבט אין „זשורנאַל דע פּאַריז", אַ ווערסאַלער זשורנאַל, וואָס איז געווען פאַרווערט דורך דער קאָמונע: „די פאָרם, אין וועלכער די פּאַריזער באַפעלקערונג (!) האָט נעכטן אויסגעדריקט איר באַפרידיקונג, איז ווירקלעך געווען מער ווי לייכטזיניק, און מיר האָבן מוירע, אַז ווייטער וועט זיין נאָך ערגער. פּאַריז האָט אַ יאָנטעוודיק אויסזען, און דאָס איז אַבסאָלוט ניט צום אָרט, און אויב מיר ווילן ניט באַקומען דעם נאָמען פון „פּאַריזער פון דער יערידע-צייט", דאַרף מען מאַכן אַ סאָף מיט דעם. ווייטער ברענגט ער אַ ציטאַטע פון טאַציטן: „און טאַקע גלייך אַף מאָרגן נאָכן שרעקלעכן קאַמף, און נאָך אַפילע פריער, איידער ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרענדיקט, איז דער דערנידערטער און פאַרדאָרבענער רוים ווידער געזונקען אין זומפּ פון פאַרדאָרבנקייט, וואָס האָט צעשטערט זיין גוף און האָט פאַרשמוצט זיין נעשאָמע — alibi proelia et vulrera, alibi bapea pcpin aebue (דאָ שלאַכטן און וואונדן, דאָרט בעדער און רעסטאָראַנען)". דער הער הערווע פאַרגעסט בלויז, אַז די „פּאַריזער באַפעלקערונג", וועגן וועלכער ער רעדט, איז בלויז די באַפעלקערונג פון טיערס פּאַריז, אָט די

שווינדלער, וועלכע האָבן זיך מאַסנווייז אומגעקערט פון ווערסאַל, סען-דעני, ריועל און סען-זשערמען, אין דער ווירקלעכקייט „פּאַריז פון דער יערידע-צייט".

בײַ יעדן בלוטיקן טריאומף איבער די מעסירעס-נעפעשדיקע קעמפער פאַר אַ נייער בעסערער געזעלשאַפט, איז אָט די, אַף דער פאַרשקלאַפונג פון אַרבעט געגרינדעטע שענדלעכע ציוויליזאַציע, פאַרטויבט די געשרייען פון אירע קאָרבאָנעס דורך אַ געפילדער פון העצעריי און רעכילעס, וועלכע קלינגט אָפּ אין אַלע עקן וועלט. דער פרייַלעכער אַרבעטער-פּאַריז פון דער קאָמונע ווערט פלוצלונג פאַרוואַנדלט אונטער די הענט פון די הענקער פון „אָרדענונג" אין אַ מין גענעם. און וואָס באַווייזט אָט די מעשונעדיקע פאַרוואַנדלונג דעם סייכל פון די בורזשואַ פון אַלע לענדער? בלויז דאָס, אַז די קאָמונע האָט איינגעאָרדנט אַ פאַרשווערונג קעגן דער ציוויליזאַציע! דאָס פּאַריזער פאָלק איז זיך מיט באַגייסטערונג מאַקריוו פאַר דער קאָמונע; עס זייַנען אויסגעהאַרגעט געוואָרן מער מענטשן, ווי אין וועלכער ס'ניט איז פון די פריערדיקע שלאַכטן. וואָס באַווייזט דאָס? ניט קיין אַנדער זאַך, ווי דאָס, אַז די קאָמונע איז געווען ניט קיין רעגירונג פונם פאָלק גופע, נאָר אַ געוואַלט-אַקט פון אַ הייפעלע פאַרברעכער! די פּאַריזער פרויען שטאַרבן מיט פרייד סײַ אַף די באַריקאַדן און סײַ אַפן טויט-פּלאַץ. וואָס באַווייזט דאָס? בלויז דאָס, אַז דער בייזער גייסט פון דער קאָמונע האָט זיי פאַרוואַנדלט אין מעגערעס און העקאַטעס! די מעסיקייט פון דער קאָמונע פאַר דער צייט פון איר צוויי-כאַדאָשימדיקער פולקומענער הערשאַפט קאָן זיך גלייכן בלויז מיטן העלדנמוט פון איר פאַרטיידיקונג. וואָס באַווייזט דאָס? בלויז דאָס, אַז די קאָמונע האָט אין אַ מעשעך פון צוויי כאַדאָשים פאַרבאַהאַלטן אונטערן שלייער פון מעסיקייט און מענטשלעכקייט איר מייוולאָנישן בלוט-דורשט, כדי ארויסצואווייזן אים אין דעם מאמענט פון איר גסיסע!

דער אַרבעטער-פּאַריז האָט אין זיין העלדישער מעסירעס-נעפעש פאַרברענט געבײַדעס און דענקמעלער. ווען די פאַרשקלאַפער פונם פּראָלעטאַריאַט רייסן אַף שטיקער זיין לעבעדיקן קערפּער, טאָרן זיי ניט האָפן, אַז זיי וועלן זיך מיט טריאומף אומקערן אין זייערע ניט געריִרטע דירעס. די ווערסאַלער רעגירונג שרייט: אונטערצינדונג! און רוימט אַריין בעסאָד אַלע אירע טעלערלעקער ביז די פאַרוואָרפנסטע דערפלעך, צו רודעפן אומעטום אירע קעגנער אלס געוויינלעכע אונטערצינדער. די בורזשואַזיע פון דער גאַנצער וועלט קלײַבט נאַכעס פון די מאַסן-האריגעס נאָך דער שלאַכט, זי ווערט אָבער אויסער זיך, ווען מע „פאַרשוועכט" די פּריוואַט-דירעס.

ווען די רעגירונגען גיבן זייערע קריגס-פלאָטן אַן אָפיציעלע דערלויבעניש „צו טויטן, פאַרברענען און כאָרעוו מאַכן", צי איז עס אַ דערלויבעניש צו מאַכן אונטערצינדונגען? ווען דאָס ענגלישע מיליטער האָט בעקיוון פאַרברענט דעם קאַפּיטאָל אין וואַשינגטאָן און דעם זומער-פּאַלאַץ פונם כינעזישן קייסער, צי עס געווען אַן אונטערצינדונג? ווען טיער האָט אין מעשעך פון זעקס וואָכן באָמבאַרדירט פּאַריז, מיטן אויסרייד, אַז ער וויל בלויז אָנצינדן אַזעלכע הייזער, אין וועלכע עס געפינען זיך מענטשן, צי איז דאָס געווען אַ

אונטערצינדונג? אף א מילכאָמע איז פייער א פולשטענדיק געזעצלעך געווער. געביידעס, וואָס זיינען פאַרנומען דורכן סוינע, ווערן באָמבארדירט אף אָנצוצינדן זיי. אויב די פאַרטיידיקער זיינען געצוואונגען צו פאַרלאָזן דידאָזיקע געביידעס, צינדן זיי זיי אַליין אונטער, קעדיי די אָנפאַלער זאָלן זיך ניט קאָנען פאַרפעסטיקן אין זיי. דער אומפאַרמיידלעכער גורל פון אלע געביידעס, וואָס געפינען זיך אפן שלאַכט-פראָנט פון אלע רעגולערע ארמייען, איז פאַרברענט ווערן. אבער אינם קריג פון די פאַרשקלאפטע קעגן זייערע אונטערדריקער, אין דעם איינציקן געזעצמעסיקן קריג, וועלכן עס ווייס די געשיכטע. איז ניט גילטיק, פאַרשטייט איר מיך, דערדאָזיקער קלאַל. די קאָמונע פלעגט זיך באנוצן מיט פייער, ווי מיט א פאַרטיידיקונגס-מיטל אין שטרענגסטן זין פונם וואָרט. זי האָט אים באַנוצט, קעדיי ניט צו דערלאָזן די ווערסאַלער מיליטער-טיילן אין יענע לאַנגע, געראדע גאַסן, וועלכע האסמאן האָט בעקיוון צוגעפאַסט פאר ארטילעריע-פייער; זי פלעגט אים באַנוצן, קעדיי צו פאַרדעקן איר צוריק-מארש, פונקט ווי די ווערסאַלער פלעגן שיקן באַם אנגרייפן פאַרויס זיינע גראַנאַטן, וואָס האָבן כאָרעוו געמאַכט ניט ווייניקער הייזער, ווי דער פייער פון דער קאָמונע. ביז איצט פאַרבלייבט נאָך אַ שטרייט-פראַגע, וועלכע הייזער זיינען פאַרברענט געוואָרן דורך די פאַרטיידיקער און וועלכע דורך די אנגרייפער. און די פאַרטיידיקער האָבן זיך ערשט דעמאָלט אָנגעהויבן באַנוצן מיט פייער, ווען די ווערסאַלער מיליטער-טיילן האָבן אנגעהויבן זייערע מאַסן-דערמאָרדונגען פון געפאַנגענע. אכוץ דעם האָט די קאָמונע אפן דערקלערט פון פריער, אז אין פאַל ווען מע וועט זי ברענגען צו עקסטער נויטיקייט, וועט זי זיך באַגראָבן אונטער די כורוועס פון פאַריז, און אַז זי וועט מאַכן פון פאַריז א צווייטע מאָסקווע, פונקט ווי דאָס האָט פריער צוגעזאָגט די רעגירונג פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג, פאַרשטייט זיך, בלויז צו פאַרדעקן איר פאַראַט. גראד פאר דעם ציל האָט טראשיו צוגעגרייט די נויטיקע נאַפט-רעזערוון. די קאָמונע האָט געוואוסט, אז אירע קעגנער אינטערעסירט ווייניק דאָס לעבן פון דער פאַריזער באַפעלקערונג, נאָר אז זיי אינטערעסירן זיך שטאַרק מיט זייערע פאַריזער געביידעס. און טיער האָט, פון זיין זייט, דערקלערט, אז ער וועט זיין אומראכמאנעסדיק אין זיין נעקאָמע. און ווען ער האָט שוין, פון איין זייט, געהאַט אן ארמיי, וואָס איז גרייט צו שלאַכט, און, פון דער אנדער זייט, האָבן די פרייסן פארשפאַרט אַלע ארויסגענג, האָט ער אויסגעשריען: „איך וועל זיין אומראכמאָנעסדיק! די אויסלייזונג וועט זיין א פולקומענע, דער געריכט אַ שטרענגער״. אויב די פאַריזער ארבעטער האָבן געהאַנדלט, ווי וואנדאלן, איז עס געווען וואנדאליזם פון פאַרצווייפלטער פאַרטיידיקונג, אָבער ניט קיין וואנדאליזם פון טריאומפירנדיקע זיגער. דאָס איז געווען א וואנדאליזם, אין וועלכן עס זיינען אויך שולדיק די קריסטן, וועלכע האָבן פארניכטעט ווירקלעך אומאפשאצבארע קונסטווערק פון דער אַלטער געצנדינערישער וועלט; און אפילע אט דער וואנדאליזם איז באַרעכטיקט געוואָרן דורך די געשיכטע-שרייבער, אַלס אן אומפאַרמיידלעכער און לעפיערעך אומבאדייטנדיקער מאָמענט אינם קאָלאָסאַלן קאַמף צווישן דער נייער אויפקו-

מענדיקער מיט דער אלטער צעפּאַלנדיקער געזעלשאַפט. און נאָך ווייניקער איז דער וואנדאליזם פון דער קאָמונע געווען ענלעך אַפן וואנדאליזם פון האסמאנען, וועלכער האָט אַראָפּגעראַמט דעם היסטאָרישן פּאַריז, קעדיי צו מאַכן אן ארט פארן פּאַריז פון שווינדלער.

אבער דאָס קעפן דורך דער קאָמונע די פיר און זעכציק ארוועס-לייט, צווישן זיי דעם ארכיבישאף פון פּאַריז! די בורזשואזיע און איר ארמיי האָבן אין יוני פון 1848-טן יאָר ווידער איינגעפירט דעם מינהעג, וועלכער איז שוין לאַנג פארשוואונדן געוואָרן פון די מילכאָמע-מינהאגים, דעם מינהעג צו צע-שיסן די אומבאוואפנטע געפאַנגענע. דערדאָזיקער ברוטאלער מינהעג פלעגט מער אָדער ווייניקער באנוצט ווערן פון דעמאָלט אן בא יעדן דערשטיקן א פאָלקס-אויפשטאַנד אין אייראָפּע און אינדיע, וואָס דערווייזט ווירקלעך, אז ער איז א „פּראָגרעס פון דער ציוויליזאַציע!” פון דער אַנדער זייט, האָבן די פרייסן אין פראַנקרייך ווידער איינגעפירט דעם מינהעג צו נעמען ארוועס-לייט —אבסאלוט אומשולדיקע מענטשן, וועלכע האָבן געזאָלט זיין פאראנטוואָרט-לעך מיט זייער לעבן פאר די מאַיסים פון אנדערע. ווען טיער האָט, ווי מיר האָבן געזעען, נאָך אין אנהויב פון דער מילכאָמע איינגעפירט דעם הומאַנישן מינהעג צו צעשיסן די געפאַנגענע קאָמונאַרן, איז פאַר דער קאָמונע קיין אנ-דערע מיטלען ניט פארבליבן אף צו באשיצן דאָס לעבן פון דידאָזיקע געפאנ-גענע, ווי באנוצן זיך מיטן פרייסישן מינהעג צו נעמען ארוועס-לייט. דאָס לעבן פון די ארוועס-לייט איז געשטעלט געוואָרן אין געפאַר דורך דעם, וואָס די ווערסאַלער האָבן ניט אפגעשטעלט זייערע צעשיסונגען פון געפאַנגענע. און ווי האָט מען טאַקע געקאָנט ווייטער שאַנעווען זיי נאָך דער בלוט-באָד, מיט וועלכער מאק-מאהאנס פרעטאריאנער האָבן געפייערט זייער ארייַנטרעטן קיין פּאַריז? צי דען האָט אויך אָט די לעצטע שוץ—דאָס נעמען אָרוועס-לייט—קעגן דער ווילדקייט פון דער בורזשואַזער רעגירונג, וואָס שטעלט זיך פאַר קיין זאַך ניט אפ, אויך געדאַרפט בלייבן בלויז א שפּאס? דער עמעסער מער-דער פונם ארכיבישאף דארבוא איז טיער. די קאמונע האָט עטלעכע מאָל פאָר-געלייגט אויסצובייטן דעם ארכיבישאף מיט אַ גאַנצן פאַק אנדערע גאלאכים בלויז אף איין בלאנקי, וועלכן טיער האָט אזוי פעסט געהאַלטן, אָבער טיער פלעגט זיך איינגעשפּאַרט אפזאָגן. ער האָט געוואוסט, אז אין דער פערזאָן פון בלאנקי וועט ער געבן דער קאָמונע א קאָפּ, אין דער צייט ווען דער ארכיבישאף וועט אפן בעסטן אויפן דינען זיין ציל, ווען ער וועט זיין—א בארמענען. אין דעם פאַל האָט טיער נאָכגעמאַכט קאווענייאקן. ווי אויפגעבראכט זיינען געווען קאווענייאק און זיינע אָרדענונגס-לייט אין יוני פון 1848-טן יאָר, ווען זיי האָבן באשולדיקט די מוירדים אין דערמאָרדן דעם ארכיבישאף אפר! אין דער עמעסן האָבן זיי אויסגעצייכנט געוואוסט, אז דער ארכיבישאף איז דערשאָסן געוואָרן דורך די סאָלדאַטן פון דער אָרדענונגס-פּאַרטיי. זשאקמע, דער גענעראַל-וויקארי פונם ארכיבישאף, האָט גלייך נאָך דער געשעעניש עפנטלעך געזאָגט איידעס וועגן דעם.

אט די גאַנצע רעכילעס-קאמפאניע, וועלכע די ארדענונגס-פאַרטיי זעט

בּרייט צו פאַרשפּרייטן נאָך אַלע אירע בלוטיקע ארגיעס קעגן אירע קאָרבאַ-נעס, באַווייזט בלויז, אַז די איצטיקע בורזשואַ האַלטן זיך פאַר געזעצלעכע יאַרשים פון די אַמאָליקע פעאָדאַלן, וואָס פלעגן אַנערקענען פאַר זיך דאָס רעכט צו באַנוצן יעדעס געווער קעגן די פּלעבייער, און האָבן געהאַלטן פאַר אַ פאַרברעכן, אויב די פּלעבייער גופא פלעגן נעמען אין האַנט אַ וואָסער ס'ניט איז געווער.

די פאַרשווערונג פונם הערשנדיקן קלאַס צו דערשטיקן די רעוואָלוציע מיט דער הילף פון אַ בירגער-קריג, וואָס איז געפירט געוואָרן אונטער דער שוץ פון אַ פרעמדן באַצווינגער,—די פאַרשווערונג, נאָך וועלכער מיר האָבן נאָכגעפאָלגט טריט בא טריט פון סעפּטעמבער ביז מאַק-מאַהאָנס פּרעטאָריאַנער זיינען אַריין דורך די טויערן פון סען-קלו—האָט דערגרייכט איר העכסטן פונקט אין דער בלוט-באָד אין פּאַריז. ביסמאַרק קוקט מיט זעלבסטצופרידנ-קייט אויף די כורוועס פון פּאַריז, אין וועלכע ער זעט, מיסטאָמע, איין „דעם ערשטן שריט" צו דער אַלגעמיינער צעשטערונג פון די גרויסע שטעט, וועגן וועלכער ער האָט געטרוימט שוין דעמאָלט, ווען ער איז נאָך, אַלס איינפאַ-כער גוטס-באַזיצער, געווען אַ דעפּוטאַט פון דער פּרייסישער Chambre introuvable פון 1849-טן יאָר. מיט זעלבסטצופרידנקייט קוקט ער אויף די באַרמענענס פונם פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט. פאַר אים איז דאָס ניט נאָר די פאַרטיליקינג פון דער רעוואָלוציע, נאָר אויך די פאַרטיליקונג פון פראַנקרייך, בא וועלכן מע האָט טאַקע איצט אין דערווירקלעכקייט אַראָפּגענומען דעם קאָפּ, און געטאָן האָט דאָס טאַקע די פראַנצויזישע רעגירונג אַליין. מיט דער אויבערפלעכלעכקייט, וועלכע ליגט אין דער נאַטור פון יעדן מלוכע-טוער, וואָס גייט בארג אַרויף, זעט ער בלויז די אויסערלעכע זייט פון אָט דער קאָ-לאָסאַלער היסטאָרישער געשעעניש. צי האָט מען ביז דעמאָלט געזען אין דער געשיכטע אַ זיגער, וועלכער זאָל קרויגען זיין זיג דורך דעם, וואָס ער נעמט אויף זיך די ראָלע ניט נאָר פון אַ זשאַנדאַרם, נאָר אויך פון אַ געדונגענעם מערדער פון דער באַזיגטער רעגירונג? צווישן פּרייסן און דער פּאַריזער קאָ-מונע איז ניט געווען קיין מילכאָמע. פאַרקערט, די קאָמונע האָט אָנגענומען די פאַר-באַדינגונגען פונם שאָלעם, און פּרייסן האָט דערקלערט נייטראַליטעט. פּרייסן איז, הייסט עס, ניט געווען קיין מילכאָמע-פירנדיקער צאַד. זי האָט געהאַנדלט ווי אַ מערדער, ווי אַ פּאַכדאַנעסדיקער מערדער, ווייל דאָס האָט פאַר איר ניט פאַרגעשטעלט קיין שום געפאַר; ווי אַ געדונגענער מערדער, ווייל זי האָט באַדינגט מיט פאַלן פון פּאַריז דאָס איינצאָלן איר 500 מיליאָן, אָט דעם בלוט-פּרייז פאַר דער דערמאָרדונג. און דאָ איז טאַקע אַרויסגעטראָטן דער עמעסער כאַראַקטער פון דער מילכאָמע, וועלכע דער הימל האָט אַנגעשיקט אויף צו באַשטראָפן דאָס זינדיקע און אויסגעלאַסענע פראַנקרייך דורך דעם גאָטספאַרכטיקן און מאָראַלישן דייטשלאַנד! און אָט דאָס אומדערהערטע אויוועך זיין דאָס צווישנפעלקערלעכע רעכט, אַפילע פונם שטאַנדפּונקט פון די יוריסטן פון דער אַלטער וועלט, איז אָנשטאָט צו צווינגען די „ציוויליזירטע" רעגי-רונגען פון איירָאָפּע צו דערקלערן אויסערן געזעץ פּרייסן, אָט דאָס פּאַשעטע

געצייג אין די הענט פון פעטערבורגער קאַבינעט, האָט זיי בלויז געגעבן דעם אויסרייד צו באהאנדלען די פראַגע, צי דארף מען ניט ארויסגעבן די ווערסאַלער הענקער די קליינע צאָל קאָרבאָנעס, וועלכע עס האָט זיך איינגעגעבן ארויסצורייסן זיך פון דער דאָפּלטער קייט, וועלכע האָט ארומגערינגלט פאריז.

דאָס, וואָס נאָך דער שרעקלעכער מילכאָמע פון דער נייסטער צייט האָבן זיך פאראייניקט די זיגרייכע און באזיגטע אַרמייען, קעדיי איניינעם צו דערשטיקן דעם פראָלעטאַריאַט, — אָט די אומגעהערטע געשעעניש באַווייזט, ניט ווי ביסמארק מיינט, אַז די נייע געזעלשאַפט, וואָס שלאָגט זיך דורך אַ וועג, איז ענדגילטיק צעקלאַפּט געוואָרן, דאָס דערווייזט בלויז די פולקומענע דעמאָראַליזירונג פון דער אלטער בורזשואזער געזעלשאַפט, דער גרעסטער העלדישער אויפשטייג, אַף וועלכן עס איז געווען פעאיק די אַלטע געזעלשאַפט, איז דער פאָלקס-קריג; אָבער ער האָט זיך ארויסגעוויזן, אלס א ריינער שווינדל פון דער רעגירונג, וואָס האָט זיך ניט געשטעלט קיין אנדער ציל אַחוץ אָפּצוציען דעם קלאסן-קאַמף, און ער ווערט גלייך אָפּגעשליידערט אָן א זייט, ווי נאָר דער קלאַסן-קאַמף פלאקערט אויף אין אַ בירגער-קריג. די קלאַסן-הערשאַפט קאָן זיך שוין מער ניט צודעקן מיט א נאַציאָנאַלן מונדיר; די נאַציאָנאַלע רעגירונגען זיינען אייניק קעגן דעם פראָלעטאַריאַט!

נאָך דעם „טראָיצע"-זונטיק פון 1871-טן יאָר קאָן שוין ניט זיין קיין שאָלעם און וואַפנשטילשטאַנד צווישן די ארבעטער פון פראנקרייך און די, וואָס נעמען צו פאר זיך די פראָדוקטן פון זייער ארבעט. די אייזערנע האַנט פון דער געדונגענער גראָבער סאָלדאטן-מאַכט קאָן אף אַ צייט צודריקן די ביידע דאָזיקע קלאסן, אָבער דער קאמף צווישן זיי וועט ווידער אויסברעכן, און ווערן אַלץ שטארקער, און עס קאָן קיין צווייפל ניט זיין, ווער וועט, סאָפּקאָלסאָף, בלייבן דער זיגער; די קליינע צאָל עקספּלואַטאַטאָרן אדער די קאָלאָסאַלע אַרבעטנדיקע מערהייט, די פראַנצויזישע ארבעטער זיינען בלויז דער אַוואַנגאַרד פונם גאַנצן מאָדערנעם פראָלעטאַריאַט.

אין דער צייט, ווי די אייראָפּעאישע רעגירונגען באשטעטיקן מיטן דערשטיקן פאריז דעם אינטערנאציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער קלאַסן-הערשאַפט, מאכן זיי א געוואלט איבער דער גאנצער וועלט, אַז די הויפּט-סיבע פונם דאָזיקן אומגליק איז די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער-אַסאָציאַציע — אָט די אינטערנאציאָנאַלע קאָנטר-אָרגאַניזאַציע פון ארבעט קעגן דער אַלוועלטלעכער פארשווערונג פונם קאפּיטאל. טיער קלאָגט זיך אף איר, אַז זי איז דער דעספּאָט פון אַרבעט, און אז ער איז דער באפרייער פון ארבעט, פיקאר האָט פאַרווערט יעדע באציאונגען פון די פראנצויזישע מיטגלידער פונם אינטערנאַציאָנאַל מיט זייערע אויסלענדישע מיטגלידער, דער גראף זשאבער, אָט דער זאָקן, וואָס איז שוין געוואָרן א מומיע, וואָס איז געווען טיערס א מיטאנטיילנעמער פון 1835-טן יאָר, האָט געמעלדעט. אז די הויפּט-אויפגאַבע פון אלע רעגירונגען איז אויסראטן אים (דעם אינטערנאציאָנאַל). די פריצים פון דער נאַציאָנאַלער פארזאמלונג הויבן אויף קעגן אים אַ געפילדער, און די גאנצע אייראָפּעאישע פּרעסע שטיצט זיי אין איין קאָל. איין בעקאָוועדיקער פראַנצויזישער שרייבער.

וואָס איז אַבסאלוט פרעמד צו אונזער אַסאָציאַציע, האָט געזאָגט וועגן איר: „די מיטגלידער פון צענטראַל-קאָמיטעט פון דער נאציאָנאלער גווארדיע און דער גרעסטער טייל מיטגלידער פון דער קאָמונע זיינען די טעטיקסטע, ענער-גישסטע, קלאָרע מויכעס פון דער אינטערנאציאָנאלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע... דאָס זיינען ערלעכע, אויפריכטיקע, קלוגע, פולע מיט מעסירעס-נעפעש, ריינע און פאנאטישע אין בעסטן זין פונם וואָרט מענטשן". דער פּאָליציייאיש באפארבטער בורזשואַזער פאַרשטאַנד שטעלט זיך נאַטירלעך פאָר די אינטער-נאַציאָנאלע אַרבעטער-אַסאָציאַציע, אלס אַ מין געהיימע פארשווערערישע גע-זעלשאפט, וואָס איר צענטראַלע פארוואלטונג באשטימט פון צייט צו צייט אויפשטאנדן אין פארשיידענע לענדער. אין דער ווירקלעכקייט איז אָבער אונזער אסאָציאַציע א אינטערנאציאָנאַלער פארבאנד, וועלכער פאַרייניקט די פּאָרגעשריטענע ארבעטער פון פארשיידענע לענדער פון דער ציוויליזירטער וועלט. וואו עס זאָל זיך ניט אנטפלעקן דער קלאסן-קאַמף, וואָס פאַר אַ פאָר-מען ער זאָל ניט אָנעמען און אונטער וואָסערע באַדינגונגען ער זאָל ניט פאָר-קומען, איז אומעטום, פארשטייט זיך, זיינען אפן ערשטן אָרט די מיטגלידער פון אונזער אַסאָציאַציע, דער באָדן, אַף וועלכן זי איז אויסגעוואַקסן, איז די מאָדערנע געזעלשאפט גופע. דידאָזיקע אַסאָציאַציע קאָן ניט אויסגעווארצלט ווערן, וויפל בלוט עס זאָל ניט פארגאָסן ווערן. קעדיי זי אויסצוואוואָרצלען, וואָלטן די רעגירונגען געדארפט קוידעמקאָל אויסוואָרצלען די צוואנג-הערשאַפט פונם קאפיטאל איבער דער ארבעט, ד. ה. די באַדינגונגען פון איר אייגענער פּאַראַזיטישער עקזיסטענץ.

פאריז פון די ארבעטער מיט זיין קאָמונע וועט שטענדיק באַערט ווערן, אלס דער רומפולער פארזאָגער פון דער נייער געזעלשאַפט. זיינע מארטירער האָבן זיך אויסגעבויט א דענקמאָל אינם האַרצן פונם ארבעטער-קלאס, זיינע טאליאָנים האָט די געשיכטע שוין איצט צוגענעגלט צום שאנד-סלופּ, פון וועלכן קיינער וועט ניט זיין בעקויעך אָפּצורייסן זיי.

# אינהאלט